# A SHTEDTL BEIM BUG
# A TOWN BY THE RIVER BUG
## SHORT STORIES

by

ADELE MONDRY

צייכענונגען: ראַסקין—אבא
שער־בלאַט: שמואל בראַנד



Published by
Maasef Israel
P. O. Box 824, TEL-AVIV.

דפוס „ארזי" בע"מ, ת"א. טלפון 34294
Printed in Israel

אין ליכטיקן אָנדענק
פון מיין אומפאַרגעסלעכן מאַן
הערי־צבי ע״ה

# אינהאַלט



## אויף נייער ערד

# אַ וואָרט פון מחבר

מיין געבוירן־שטעטל ביים בוג האָב איך פאַרלאָזט אין אַ שטור־מישער צייט — בעת דער באָלשעוויסטיש־פוילישער מלחמה. כ'בין נאָך דעמאָלט געווען גאָר יונג און סענטימענטאַל. איך בין אַוועק פון דער אַלטער היים מיט אַ קליין אָרעם טלומיקל אין האַנט, אָבער מיט אַ גרויסן קאַליידאָסקאָפּ זכרונות — פון ברייטן בוג, פון אַלטן סאָסנאָוון וואַלד אַרום דעם שטעטל און אַ בענקשאַפט נאָך יעדע טיר און טויער.

דעם אוצר זכרונות האָב איך מער אָפּגעהיטן ווי די צען דאָלאַר אַ וואָך, וואָס כ'האָב אָנגעהויבן פאַרדינען אין אַמעריקע. און אפשר איז דאָס גאָר געווען די סיבה, וואָס כ'האָב אַנדערש געטאָן ווי אַנדערע אימיגראַנטן פון יענער צייט — אַנשטאָט צו לערנען ענגליש, האָב איך גאָר אויף ס'ניי אָנגעהויבן לערנען יידיש.

נאָך נענטער און הייליקער זענען מיר די זכרונות געוואָרן, ווען מיין יידיש שטעטל איז דורך די נאַציס חרוב געוואָרן. קיין יידיש הויז איז דאָרט מער נישטאָ און קיין יידיש לעבן קלאַפּט דאָרט מער נישט. איך בין אָבער נישט אויסן געווען צו שרייבן אַ ספר זכרונות, נאָר דורך מיין פעדער האָב איך געוואָלט אויפלעבן די יידישע שטוב, יידישע געשטאַלטן, דעם יידישן ניגון און יידיש שטייגער־לעבן, אין וועלכן כ'בין געווען און בין ביז איצט איינגעוועבט.

מיין ליטעראַרישער דעביוט איז געווען אין יאָר 1921 אין אַ פוילישן זשורנאַל וואָס איז דערשינען אין דעטראָיט. איך האָב דאָרט געשילדערט די צייט פון דער באָלשעוויסטיש־פוילישער מלחמה, ווען דאָס שטעטל איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט.

פון דעם קליינעם טלומיקל, וואָס כ'האָב מיטגעבראַכט קיין

אַמעריקע, איז קיין זכר נישט געבליבן, אָבער דעם גרויסן באַגאַזש — די לאַנדשאַפּט און די געשטאַלטן פון שטעטל — האָב איך אָפּגעהיטן און אַלע מאָל פון דעם עפּעס אַרויסגענומען. ביי אַלע באַדינגונגען, אפילו ווען כ'בין שוין געווען אַ מוטער פון צוויי קליינע קינדער, פלעג איך אויך שרייבן דערציילונגען וועגן שטעטל, שיקן זיי אין די ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען, און צו מיין פרייד — זיי געזען אָפּגעדרוקט.

שפּעטער האָט זיך אַריינגעריסן אַ נייע אידעע אין מיין לעבן. ס'איז מיר געווען אַ שאָד צו פאַרלירן די געענדיקטע זעקס גימנאַזיע־קלאַסן, וואָס כ'האָב מיטגעבראַכט פון ווישקאָווע, און כ'האָב גענומען ממשיך זיין מיין בילדונג, ביז כ'האָב געענדיקט דעם Wayne State University.

דאָס האָט פאַרשפּעטיקט מיין שרייבן מיט גאַנצע צען יאָר.

ערשט דערנאָך האָב איך ווידער גענומען אַריינקוקן אין מיינע שריפטן און פאַר מיר זענען קלאָר געוואָרן צוויי זאַכן:

א) אַז דער קוואַל פון אַ יידיש שטעטל לאָזט זיך נישט אויסשעפּן אין איין בוך און אפילו נישט דורך איין מחבר, ווי גרויס און שרייבעריש־פּרוכטבאַר ער זאָל נישט זיין, דעריבער איז קיין תכלית נישט לענגער צו וואַרטן מיטן פאַרעפנטלעכן דאָס שטייגער־לעבן, וואָס כ'האָב פיקסירט אין מיינע שריפטן.

ב) די אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור האָט אַריינגעבראַכט גרויסע שינויים אין די אויסדרוק־מיטלען, און דערפאַר מוז איך איבעראַרבעטן מיינע זאַכן פאַרן אַרויסגעבן זיי אין בוך־פאָרעם.

נאָך אַן אָפּקלייב האָב איך איינגעטיילט מיין בוך אין צוויי טיילן: אינעם ערשטן טייל, „אַ שטעטל ביים בוג", גייען אַריין דערציילונגען פונעם אַמאָליקן יידישן שטעטל אין פוילן. כ'האָב זיך דאָרט באַמיט אויפצולעבן די מענטשן פון שטעטל, זייערע כאַראַקטערן, זייערע דאגות, זייערע שמחות און טרויער.

די סיפורי המעשה, וועלכע כ'האָב באַנוצט, זענען לרוב אוי־

טענטישע. די העלדן פון מיינע דערציילונגען זענען געווען לעבעדיקע, באַקאַנטע מענטשן פון שטעטל. לויט די כאַראַקטער־שטריכן מיט וועלכע איך באַשרייב זיי קען מען זיי אפילו דערקענען. איך האָב אָבער נישט גערעכנט זיך מיט די פּינקטלעכקייטן — צי די מעשה איז גראָד אַזוי געווען אָדער אַ ביסל אַנדערש. איך האָב נישט גע־וואָלט איבערגעבן בלויז די טרוקענע פאַבולע, נישט צומישנדיק אַ ביסל שרייבערישע פאַנטאַזיע.

אינעם צווייטן טייל פון מיין בוך, „אויף נייער ערד", קומען אַריין דערציילונגען פון אַמעריקאַנער טעמאַטיק. די קרוין־דערציי־לונג דאַרף דאָ זיין „ביים אָרון־קודש". די פאַבולע איז גוט באַקאַנט אין אַמעריקע. דער סטודענט, וואָס האָט דערשאָסן דעם ראַביי, ווען ער האָט געהאַלטן אַ דרשה אויף דער בינע ביים אָרון־קודש, האָט אויפגערודערט דעם גאַנצן ייִדישן ישוב אין אַמעריקע און אויסער איר. די געשיכטע האָט זיך ממש געבעטן אַריינצוברענגען אין דער ייִדישער ליטעראַטור און איך האָב נישט געהאַט קיין רו ביז וואַנען כ'האָב עס נישט געטאָן.

„ביים אָרון־קודש" איז אַ פּסיכאָלאָגישע דערציילונג מיט אַ טיפערן אַריינבליק. עס שפּילן דאָ נישט קיין ראָלע די אָדער יענע מאָמענטן, וואָס זענען צוגעגעבן אָדער אַראָפּגענומען געוואָרן, דער עיקר איז געווען אויפצונעמען די טראַגעדיע אויף אַ ברייטער לייוונט און אַרויסצובאַקומען אַ גאַנצקייט.

אָפּגעזען פון דעם פאַקט, וואָס ס'איז אוממעגלעך רויִק איבער־דערציילן די דאָזיקע טראַגעדיע, איבערהויפּט נאָך, ווען דער טראַגיש אומגעקומענער ראַביי איז געווען אונדזער פריינד און שכן, האָב איך נישט געקאָנט אַדורכקומען מיט זיך אַז די דערציילונג זאָל איבער־געגעבן ווערן פּינקטלעך, ווי אין אַ פּאָליציייִשן פּראָטאָקאָל, אָדער זי זאָל זיין געשריבן מיט דער כוונה וועמען געפעלן צו ווערן... איך האַלט, אַז די טיפסטע באַערונג פונעם טראַגיש אומגעקומענעם געלערנטן און גייסטיקן מנהיג וועט זיין דער ווערט פון דער דער־ציילונג גופא.

## אַ וואָרט פון מחבר

איך וויל אויך דאָ מיט ווייטיק און פאַרערונג דערמאָנען מיין מאַן הערי — צבי ע"ה. ער האָט מיך דערמוטיקט אַרויסצוגעבן מיינע שריפטן אין בוך־פאָרעם און זיך באַמיט, אַז מיין בוך זאָל דערשיינען. צו מיין צער האָט ער נישט דערלעבט עס צו זען און לייענען.

**אַדעל מאָנדרי**

## ר׳ שלום רפאלקעס

אין די יונגע יאָרן האָט זיך קיילע געהאַלטן פאַר אַ גרעסערער בריהטע אין מסחר, ווי איר מאַן שלום. ווען שלום איז געווען אַ יונגער־מאַן און געגעסן קעסט ביים שווער, האָט מען בכלל נישט געגלייבט, אַז ער וועט טויגן צום מסחר. ר׳ אַלתר ראַשקעס האָט אים גענומען פאַר אַן איידעם, נישט דערפאַר, וואָס ער האָט זיך אויף אים סומך געווען, אַז ער וועט קאָנען אויסהאַלטן אַ ווייב מיט פרנסה, נאָר ווייל ער האָט געוווּסט, אַז זיין טאָכטער קיילע וועט אים נעמען אין האַנט אַריין און מאַכן פון אים אַ לייט.

גענומען האָט ער אים אַלס אַ בן־תורה, אַ למדן, צוגעזאָגט קעסט, אָבער מער ווי איין יאָר האָט ער אים ביי זיך אין הויז נישט געקאָנט האַלטן. דאָס בשמים־קרעמל איז געוואָרן קלענער, די קאָנקורענץ — גרעסער; אַ סך בשמים־קראָמען האָבן זיך געעפנט אין שטעטל, מ׳האָט זיך געריסן איבער אַ קונה. איינער האָט דעם אַנדערן געוואָלט איבערוואַרטן און אויפגעהאַלטן דאָס געוועלב ביז שפעט אין דער נאַכט אַריין, און אַז קיילע, זיין עלטסטע טאָכטער האָט געזען ווי דער טאַטע קרימט מיט דער נאָז אויף דעם, וואָס איר מאַן זיצט אַ גאַנצן טאָג אין בית המדרש און לערנט און קומט נאָר צום שווער אין שטוב אַריין עפעסן — האָט זי זיך אָפּגערופן:

— נישקשה, גאָט וועט מיך נישט פאַרלאָזן, ווי ער פאַרלאָזט נישט אַנדערע יידישע קינדער. כ׳וועל מיר אַליין גיין זוכן פרנסה.

אַצינד איז נישט מער פאַרבליבן ווי נאָר אַריינצוטראַכטן סאַרע געוועלבל מ׳זאָל פאַרן קעסט־איידעם עפענען. פון בשמים־געוועלבלעך איז שוין געווען אָפּגערעדט — דאָס איז שוין געווען איבערגענוג אין שטעטל. צו עפענען ווידער אַ גרויסע שניטקראָם אין מיטן מאַרק, האָט מען באַדאַרפט האָבן קורחס אוצר. און צו דעם האָט ר׳ אַלתר ראַשקעס נישט געקאָנט דערגרייכן. ער האָט אַפילו יאָ געהאַט אַ שטיקל פלאַן. אָט, אַ שטייגער, ווען

מ׳קאָן באַקומען דעם מאַנאַפּאָל צו פאַרקויפן בראָנפן, אָדער אַפילו נאָר ביר — וואָלט געווען אַ תכלית. אָבער פאַר אַ ייִד איז דאָס שווער אָנגעקומען. מ׳האָט געדאַרפט שמירן אין דער גובערניע, און איידער מ׳פאָרט נאָך אין דער גובערניע — אָפּחורשן דעם קאָמיסאַר, איז נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה, ווי צו עפענען פאַר זיי אַ תבואה־ געוועלבל, צו פאַרקויפן האָבער און קלייען פאַר די בעל־עגלות.

קיילע האָט זיך דערצו גוט אויסגעטויגט. זי האָט געקענט הייבן אַ זאַק, שלעפן, אַ שטופּ טאָן די וואָג, אַ האַק־אָראָפּגעבן דאָס צינגל. האָט זיך טאַקע ר׳ אַלתר ראַשקעס אָנגעכאַפּט אין דעם דאָזיקן געדאַנק. צו פיל פאַרזוימען האָט ער אויך נישט געוואָלט. די ייִנגערע טעכטער וואַקסן אונטער און אַז איין איידעם וועט זיצן אויף קעסט, וועט מען קיין חתנים נישט קאָנען באַקומען. אַ סך זוכן האָט ער אויך נישט געדאַרפט. לעבן אים איז געשטאַנען אַ ליידיק געוועלב, האָט ער עס אָפּגעדינגען פאַר קיילען.

אין אָנהייב איז שלום בכלל נישט אַריינגעקומען אין דעם געוועלב. ער האָט נאָר אַ בליק אַריין געגעבן, כדי יוצא צו זיין. ער האָט געזען ווי זיין ווייב פאַרעט זיך, שלעפּט זעק קלייען, קויפט ביי די פויערים זעק האָבער און צעשיט זיי אין די שמאָלע טאָרבעס פון די שטעטלשע בעל־עגלות, דינגט זיך מיט די פויערים, בייגט זיך איין און פאַרבינדט די זעקלעך. ער האָט איר געוואָלט צוהעלפן, אָבער ס׳איז אים אַלץ נישט אָנגעשטאַנען צו ווערן אַ תבואה־הענדלער. שלום רפאלקעס שטאַמט פון אַ מיִיחוסדיקער משפחה און ווען יענע וואָלטן פריִער געוווסט, אַז ר׳ אַלתר ראַשקעס וועט נישט האָבן קיין אַנדערע פרנסה פאַרן יונגן פאַרל, וואָלט זיכער פון דעם שידוך נישט געוואָרן.

אָבער קיילע איז געווען צופרידן פון שלומען און פון געוועלבל. קודם־כל איז ער געווען אַ בר־דעת. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער גילדן איז נישטאָ אין שטוב איז ביטער. אויפן שווער — האָט שלום געוווסט — קאָן מען זיך נישט פאַרלאָזן, ווייל די אַנדערע צוויי טעכטער שטייען נאָך מיט נאַקעטע קעפּ, און אויב ס׳איז קיילען ניחא צו שטיין אַ גאַנצן טאָג אין געוועלבל און ווינטער זיך וואַרעמען מיטן פייער־טאָפּ אין האַנט — האָט ער צוליב שלום־בית וועגן נאָכגעגעבן.

ביסלעכווייז האָט אים קיילע אַריינגעצויגן אין מאַרק אַריין. שלומען

האָט אָנגעהויבן צו אינטערעסירן דער מסחר. ער האָט זיך געשראָקן, וואָס קיילע געפינט זיך אַ גאַנצן טאָג אַליין צווישן פויערים און בעל־עגלות. ביי דער אָפענער גמרא האָט ער אָנגעהויבן זען בילדער, ווי די פויערים טשעפּן זיך צו איר, ווי גראָבע פורמאַנסקע הענט שטרעקן זיך אויס צו איר גוף... איינער גיט זי כלומרשט אומגערן אַ שטופּ אַרויף אויף אַ זאַק האָבער און אַלע צעלאַכן זיך מיט אַ תאווה־געלעכטער... דאָס דאָזיקע געלעכטער האָט ער אַזש דאָ אין בית־המדרש דערהערט... ער האָט מער נישט געקענט איינזיצן און באַלד נאָכן אָפּדאַווענען געלאָפן אַ קוק טאָן וואָס ס'הערט זיך אין געוועלבל.

אָבער דאָ האָט ער קיין שום אויסטערלישעס נישט געזען. קיילע איז אַרומגעגאַנגען צווישן די פויערים און בעל־עגלות, ווי צווישן אייגענע מענטשן און געטאָן איר אַרבעט. ער האָט זיך פאַרשעמט פאַר זיינע געדאַנקען, פאַר די בילדער, וואָס מאָלן זיך פאַר זיינע אויגן אויף די פאַרגעלטע גמרא־בלעטער, און ער איז ווידער צוריקגעלאָפן אין בית־מדרש אַריין.

וואָס מער שלום איז געקומען אין געוועלבל אַריין, אַלץ מער האָט אים געצויגן דער חשק צום מסחר. וואָס אַ מאָל איז דאָס געוועלבל געוואָרן פולער מיט זעק האָבער און קלייען. ער האָט זיך צוגעוווינט צו די פויערים, וואָס האָבן געבראַכט תבואה צו פאַרקויפן. טייל מאָל האָט ער דערפילט אַז זיי ברענגען מיט אין שטאָט אַריין דעם ריח פון פריש געשניטענעם היי און וואַרעמע מילך. פון דער נאָענט האָבן אויך די ייִדישע בעל־עגלות אַנדערש אויסגעזען, ווי ער פלעגט זיי זען פון דער ווייטנס, אויפן וועג אין בית־מדרש אַריין. ער האָט געזען, אַז די ברייטפּלייציקע ייִדן, באַוואַקסענע מיט קודלע־וואַטע בערד און אין קראַטענע, פאַרביקע שפּענצערלעך, פאַרבונדענע מיט שטריק, שפּראַצן מיט גבורה און גוטסקייט. זיי שאַנעווען קיילען ביי יעדן טריט און שריט, העלפן איר אַ הייב טאָן אַ שווערן זאַק, שטעלן אַרויף און נעמען אַראָפּ די זעק פון דער וואָג. וואָס אַ מאָל האָט ער זיך מער אַריבער־געבויגן איבער די זעק, אַ שלעפּ געטאָן די מעססלעך קלייען צו דער וואָג און געוויזן קיילען, אַז ער העלפט צו צו דער פרנסה.

דאָס זעענדיק האָט קיילע געשטראַלט פאַר פרייד. זי האָט געוווּסט, אַז די צייט רוקט אונטער און זי דאַרף זיך שוין היטן מיט אַ שווערן שלעפּ... זי האָט איבערגעקלערט, צי שלום וועט באַשטיין אַליין איבערצונעמען דאָס

געוועלבל, און זיך געוואָקלט מיט אים דערוועגן צו ריידן. אָבער זאָגן דאָס אים, האָט זי דאָך פּאָרט געמוזט. שלום האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ, אָבער באַלד האָט ער זיך אין עפּעס דערמאָנט. ער האָט געוואָלט, אַז קיילע זאָל אים צוזאָגן, אַז ווען זי וועט בשלום געהאָלפן ווערן און ווידער איבערנעמען דאָס מעל־געוועלבל, זאָל דער מסחר, ח״ו, נישט ברענגען צו קיין חילול־שבת. דערביי האָט ער דעם וויב אָנפאַרטרויט אַ סוד, אַז די עסקים און דער גאַנצער האַנדל פון די ייִדן אויפן מאַרק הייבן אים נישט אָן צו געפעלן.

— פאַרשטייסטו מיך, קיילע — איז שלום רפאלקעס צו איר צוגע־שטאַנען — שמואל לייב פירט גרעסערע געשעפטן ווי איך. ער איז אַ גרויסער וואַלד־סוחר. פירט טראַנספּאָרטן קיין דאַנציק, און פון דאַנציק ברענגט ער צוריק סחורות אויף טויזנטער רובל, אָבער שבת קודש היט ער אָפּ ווי דאָס אַפּל פון אויג.



ווען קיילע איז נאָכן אַנטוויינען דאָס קינד צוריקגעקומען אין געוועלבל אַריין, האָט שלום זיך שטאַרק דערפרייט. דאָס געוועלבל איז פול געווען מיט זעק קלייען, וואָס זענען געלעגן ביז אונטער דער סטעליע. דורך דער צייט האָט שלום אויך אויפגעשטעלט אַ גרויסן אָפענעם קאַסטן וווּ מ׳האָט אַריינגעשיט דעם האָבער און ס׳איז געווען לייכטער אָנצונעמען, ווי איבער־צושיטן פון די זעק אַרויס. ס׳איז געווען האַלבער טאָג און ער האָט שוין געהאַט אַ שיינעם פדיון אין שיפלעדל. ס׳האָט אים געגלוסט וואָס מער צו ריידן מיט קיילען, איר דערציילן, ווי אין אָנהייב איז אים שווער אָנגעקומען. ער האָט געמוזט היטן די פויערים, זיי זאָלן זיך נישט אַליין צושיטן קלייען אין די טאָרבעס אַריין, און האָט געמוזט זיך יאָגן מיטן אָפּדאַווענען. ער האָט אָבער איר נישט געוואָלט פאַרשווערן דאָס האַרץ און זאָגן, אַז זינט ער שטייט אַליין אין געוועלבל, האָט ער אין דער וואָכנס קיין איין מאָל נישט געדאַוונט מיט מנין. בעסער וועט ער איר דערציילן וועגן נייעם מילנער פון דער וואַסערמיל, וואָס שטעלט אים צו שיטקעמעל און קלייען מיט אַ גילדן ביליקער, וועגן די בעל־עגלות, וואָס באַהאַנדלען אים אָרענטלעך, רופן אים ר׳ שלום און טרעטן נישט איבער די שוועל פון אַן אַנדער תבואה־געוועלבל.

אָבער באַלד האָט ער זיך דערמאָנט אין אַ וויכטיקער זאַך, וועגן וועלכער ער האָט שוין געהאַט גערעדט מיט קיילען נאָך פאַר דער קימפּעט, אָבער מחמת דעם, וואָס ער האָט חושד געווען, אַז זי האָט שוין דערוועגן פאַר־געסן, האָט ער אויף ס׳ניי אָנגעהויבן:

— הער זיך איין, קיילע, כ׳בין דיך, ח״ו, נישט חושד, אַז דו זאָלסט וועלן אויפהאַלטן דאָס געוועלבל אַ מינוט אין שבת אַריין, אָבער זאָגן מוז איך דיר, אַז די גאַנצע אחריות פון אָפּהיטן שבת פאַלט אויפן מאַן, אויף מיר, הייסט עס. און דו ווייסט, אַז מ׳איז אַריינגעטאָן אין די עסקים, קאָן מען אַ מאָל אויך פאַרשפּעטיקן... איז אויב דו וועסט מיר צוזאָגן, אַז דו וועסט נישט קוקן אויפן פאַרדינען נאָך אַ פּאָר זעקסערס * און צומאַכן דאָס גע־וועלבל אַ שעה פריִער פאַר שבת, וועל איך בכל נפשי זיך אַריינטאָן אין מסחר און באַלד אין דער פרי זיך אַוועקשטעלן אויף אַ האַלבן טאָג אין געוועלבל אַריין.

אין אָנהייב האָט עס קיילען אויסגעזען אויסטערליש. וואָס הייסט? ער בעט זיך ביי איר אַ זאַך, וואָס זי אַליין וויל עס טאָן פון גאַנצן האַרצן. צי איז זי דען נישט אויסגעוואַקסן אין אַ חסידיש הויז? דאַרף מען מער, ווי איר פאָטער האָט מקפּיד געווען, אָפּצוהיטן שבת? פּלוצעם איז אויפגע־שווימען איר יוגנטלעכער חלום. זי האָט זיך געזען פריִיטיק פאַר נאַכט מיט די אויסגעצוואָגענע צעפּלעך קעגנאיבער דעם שפּיגל. דערנאָך איז זי אַ שפּרונג אַריינגעגעבן אינעם קינדער־בעטל און באַלד, ווי נאָר די אויגן־לעפּלעך האָבן זיך ביי איר צוגעקלעפּט, האָט זיך באַוויזן דעם פּריצס זינדל מיט דער רייטבייטש אין האַנט. אָבער אַנשטאָט אויפצוהייבן די בייטש, האָט ער זי גאָר אַוועקגעוואָרפן און זיך אַראָפּגעלאָזט קניִענדיק. ער גלעט און קושט אירע פיס און בעט זיך ביי איר עפּעס אָן ווערטער. ער קוקט צו איר אַרויף מיט אַזעלכע שיינע אויגן... ערשט איצט האָט קיילע צום ערשטן מאָל דערזען, אַז אויך שלום האָט אַזעלכע שיינע לאַנג־געשניטענע סאַמעט־אויגן, אפשר נאָך שענערע ווי דעם פּריצס זינדל... זי האָט אויסגעשטרעקט צו אים אַ האַנט און געוואָלט זאָגן: הייב זיך אויף, שטיי אויף, שלום... כ׳וועל

* זעקסער — רוסישע מטבע

זיין אַזוי ווי אין מיין טאַטנס הויז, ווי כ׳בין געלעגן אין קינדער־בעטל ביי דער הילצערנער וואַנט מיט די אויסגעצוואָגענע צעפּ...

— שלום! — האָט זי זיך אַ בייזער געטאָן — כ׳וועל היטן! כ׳וועל אָפּהיטן שבת, ווי אין מיין טאַטנס הויז!

*

ווען ר׳ שלום רפאלקעס איז פּעסט אַריינגעגאַנגען אין האַנדל, האָט ער אַפילו נישט באַוויזן צו זען, ווי די צייט לויפט פייל פון בויגן. זינט ער איז אַראָפּ פון די קעסט איז שוין באַלד אַ יובל־יאָרן אַדורכגעלאָפן. קיילע האָט דורך דער צייט אויסגעהאָדעוועט קינדער. מ׳האָט זיי שוין מגדל געווען. גרויסע אייניקלעך קומען שוין עסן שבת־אויבס צו באָבע־זיידע, אָבער דאָס מעל־געוועלבל איז נאָך אַלץ אָפן.

און דווקא אַצינד, ווען ס׳איז געוואָרן 50 יאָר זינט ער איז אַוועק פון שווערס קעסט, דערמאָנט זיך ר׳ שלום רפאלקעס, וואָס ער איז אַלץ דורך דער צייט אַדורכגעגאַנגען. צו אַלעם, וואָס ס׳שוועבט פאַר זיינע אויגן, האָט ער איצטער קיין קאָפּ נישט, אָבער פון איין זאַך איז ער צופרידן. ער געפינט אין איר מער זיכערקייט. ער איז איצט רויק און באַוואָרנט. דאָס איז טאַקע דער ענין פון מחלל שבת זיין צוליב מסחר. אַצינד קאָן ער שוין אונטערפירן אַ סך־הכל: „פופציק יאָר געהאַנדלט — און צוליב מסחר נישט מחלל שבת געווען". ווער ווייסט דען, ווי זיין האַרץ האָט געציטערט, ווען קיילע איז דאָס ערשטע מאָל אַריינגעגאַנגען אין געוועלבל, און שפּעטער, ווען זי האָט אים ביסלעכווייז אַריינגעצויגן אין מסחר? וויפל מאָל איז טאַקע אויסגע־קומען, אַז דער שטן האָט מיטביידע הענט אָנגעהאַלטן די קליאַמקע און געוואָלט אים צופירן צו אַ חילול־שבת? דווקא פרייטיק פאַר נאַכט צו ליכט־צינדן זענען אָנגעקומען פויערים און געריסן פון די הענט קלייען און מעל און מ׳האָט געקענט אָפּלייזן אַ שיינעם פדיון. אָבער שלום האָט דעמאָלט אַ ווונק געטאָן צו קיילען און זי האָט שוין פאַרשטאַנען ווי אַזוי די קונים אַרויסצוקריגן פון געוועלבל. זי האָט געזאָגט, אַז די וואָג האָט זיך פאַרהאַקט. אַז זי דאַרף אַרויסגיין באָרגן געוויכטער, און זי האָט זיי דערווײַלע געהייסן וואַרטן אין דרויסן, געגעבן אַ מאַך צו די טיר, אָנגעהאָנגען דאָס האַקשלעסל און אַהיימגעלאָפן ליכטבענטשן.

אַזוי איז געווען נישט איין מאָל. דאָס פאַרטל האָט ער זיך אויסגעלערנט פון קיילען און אַ סך מאָל איז עס אים צוניץ געקומען. אָבער איין מעשׂה, כאָטש ער האָט זי שוין אַ סך מאָל איבערדערציילט פאַר די קינדער און אייניקלעך — קאָן שלום רפאלקעס נישט פאַרגעסן. ווינטער, אין סאַמע „קורצן פרייטיק״, האָט די פראָסט אַ לאָז געטאָן און ס׳האָט אָנגעהויבן גיסן אַ רעגן. שלום האָט יעדע פאַר מינוט אַ שלעפּ געטאָן ביי דער לאַנגער דיוויזקע, אַרויסגענומען דעם זילבערנעם זייגער מיט די גראָבע קאָפּערטלעך און געקוקט ווי ס׳האַלט מיט שבת. ווי נאָר ס׳איז אין דרויסן געוואָרן אַ רעגן, האָבן די פויערים באַדעקט די פערדלעך מיט פלאַכטעס און איבערגעדרייטע פעלצן און אַליין זענען זיי אַריין אין די געוועלבלעך. ביי ר׳ שלום רפאלקעס איז דאָס געוועלבל געוואָרן פול אָנגעפּאַקט, און דאָ איז שוין פאַר שבת. די טירן זענען נאָך אָפן, און ער איז אַליין אין געוועלבל; קיילע איז נישטאָ און ער ווייסט נישט וואָס פאַר אַן עצה זיך צו געבן. אויפהאַלטן דאָס געוועלבעל, אַפילו ווען ער לייזט נישט, איז דאָך אויך חילול־שבת. צומאַכן און אַרויסטרייבן די פויערים אונטערן רעגן אַרונטער — ווי געשיקט זיך דאָס אַזאַ זאַך צו טאָן, אַרויסצוטרייבן אייגענע קונים, ווען אין גאַס גיסט מיט צעבערס? און דאָ, ווי מ׳זאָגט — ווי פון הימל אַראָפּ — פאַלט אים איין אַ געדאַנק — ער וועט מפקיר זיין אַ ניי פלאַנדעקע, וועלכע ער האַלט איבערצודעקן וועגענער מעל, וואָס מ׳פירט אין שטאָט אַריין, און ער וועט זי אָוועקגעבן די פויערים זיי זאָלן זיך מיט איר באַדעקן. נישט לאַנג געקלערט, גיט זיי ר׳ שלום אַוועק די פלאַנדעקע, זיי זאָלן זיך אונטער איר אַרונטערשטעלן, ווי אונטער אַ חופּה, אַבי זיי זאָלן אַרויסגיין פון געוועלבל. און אויב זיי ווילן דאָס טאָן תיכף ומיד, דאַרפן זיי אים מער די פלאַנדעקע נישט צוריקברענגען.

די פויערים זענען באַלד צוגעפאַלן צו דער מציאה. אַרונטערגעשטעלט אונטער דער פלאַנדעקע האָבן זיי זיך אפשר צוואַנציק, מיט די בייטשן אין די הענט, און אַלע האָבן זיך געהאַלטן פאַר גלייכע שותּפים. ר׳ שלום האָט געזען, ווי די פויערים לאַכן זיך איבער, וועגן דער ווילדער מציאה, וואָס דער רעגן האָט זיי געבראַכט. אָבער ר׳ שלומען איז דאָס מער נישט אָנגעגאַנגען. ס׳האָט אים אויף קיין האָר נישט באַנג געטאָן. — אַ כפּרה די פלאַנדעקע, אַבי דער שטן זאָל נישט אויספירן דאָס זייניקע. ער האָט זיך אויף

די פויערים מער נישט אומגעקוקט, און ווי נאָר דער לעצטער איז אַרויס, האָט ער פאַרהאַקט און פאַרשלאָסן דאָס געוועלבל.

אַז ער איז אַהיימגעקומען, איז ער געווען אין גאַנצן אַדורכגעווייקט. דאָס וואַסער האָט פון אים געטריפט. קיילע האָט אים געוואָלט געבן איבער־צוטאָן, אָבער ר׳ שלום האָט זיך געאיילט, געכאַפּט די אַטלאַסענע קאַפּאָטע און געלאָפן מקבל שבת זיין.

נאָך קבלת שבת האָט ר׳ שלום רפאלקעס געהאַט אַ טבע צו פאַר־טשעפּען די יונגעלייטלעך פון גערער שטיבל, וואָס האָבן אָנגעהויבן שניידן די פאות און פאַרקירצן די קאַפּאָטעס.

— ווערלווערלע, לייבישל, קומט נאָר אַהער! כ׳זע דאָך עפּעס, אַז וואָס אַ מאָל ווערט ביי אייך קירצער... הייִנטוועלטיקייט — ווילט איר מיר איינ־ריידן? גיט אַ קוק אויף מיין ברודער שמואל לייבן. ער קען ריידן אַפילו מיטן קייסער אַליין און איז אַ פרומער גוטער ייד. ער האָקט נישט אונטער די פאות, פאַרקירצט נישט די קאַפּאָטע און האַנדלט מיט פירשטן, פאָרט קיין אויסלאַנד. און איר? איר הייבט זיך שוין אָן פוצן אין בית־המדרש הינטערן אויוון... און ווייסן זאָלט איר, אַז מען שניידט אַ ביסל אונטער אויבן און הינטן, שניידט זיך מיט דאָס יראת־שמים...

ר׳ שלום רפאלקעס איז געווען גוט אויפגעלייגט. נישט נאָר, וואָס ער האָט זיך נישט מצער געווען צוליבן שאָדן, נאָר די גאַנצע נשמה יתירה האָט זיך אין אים צעזונגען. ער האָט זיך געפילט דערהויבן, ווי ער וואָלט מנצח געווען אַ שאַרפן קעגנער. די מלבושים האָבן זיך אויף אים אויסגע־טריקנט און מ׳האָט גאָרנישט דערקענט, אַז ער איז הייִנט אַדורכגעווייקט געוואָרן פון רעגן. אַריינגעפּראַלט אין שטוב אַריין האָט ער, ווי שמחת תורה נאָך די הקפות, און דעם „שלום עליכם, מלאכי השרת" האָט ער געזאָגט מיט אַזאַ התלהבות, אַז זינט קיילע קען אים, האָט זי נאָך אַזעלכעס נישט געהערט.

נישט אַזוי האָבן זיך געפירט ר׳ שלום רפאלקעס קאָנקורענטן פון גרויסן מאַרק. זיי פלעגן אַלע מאָל אַריינפּאַלן אַ ביסל אין שבת אַריין, און שבת צו נאַכטס — צו פרי עפענען. אָבער ר׳ שלומען איז דאָס נישט אָנגעגאַנגען. נישט ער האָט זיי דערפאַר געמוסרט און נישט ער האָט געטראַכט זיי נאָכ־צוטאָן. אַזוי שטייענדיק אויפן שוועל פון געוועלבל, איז ער מיט די מחשבות

צוריקגעגאַנגען צו די צייטן, ווען קיילע האָט זיך געריכט אין קימפעט אַריין מיטן ערשטן קינד. קיין גביר איז ער טאַקע נישט געוואָרן, אָבער מגדל געווען קינדער און אָפּגעהיטן שבת — האָט ער! און איצט איז ר׳ שלום געווען זיכער, אַז ס׳איז אַדורך 50 יאָר און ס׳איז דעם שטן נישט געלונגען אים צו פאַרהאַטשען אין געוועלבל מיט אַ חילול־שבת — וועט ער אים שוין בשום אופן נישט קענען כאַפּן אויף דער ווענטקע.

ער איז אַרויס פון געוועלבל און זיך צוגעשאַרט צו אַ רעדל מאַרק־ייִדן. אין אָנהייב האָט מען גערעדט וועגן די פּויערים, וואָס הייבן אָן צו ווערן וואָס אַ מאָל קליגער און פאַרקויפן די זעק האָבער גלייך צו די בעלי־עגלות. מען האָט אַזוי לאַנג גערעדט ביז מ׳איז אַרויפגעקומען אויף שבת, און אַז שלום רפאלקעס האָט געהערט, אַז מ׳רעדט וועגן שבת, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט די הענט, זיי זאָלן שטילשווייגן און אַליין האָט ער אָנגעהויבן הויך זאָגן, ווי ער וואָלט קיינעם נישט געמיינט, נאָר זיך אַליין:

— אויב ס׳קומט, חלילה, צו אַ חילול־שבת צוליב מסחר, איז דער גאַנצער ריווח נישט אַזוי פיל ווערט, ווי דאָס, וואָס מ׳ווערט אָן פון חילול־שבת. וואָס, אַ שטייגער קאָן מען צוגלייכן צו דעם זכות פון אָפּהיטן שבת? אַפילו, ווען מ׳קלייבט אָן אוצרות און מ׳איז דורך דעם מחלל־שבת, מיינט עס בלויז היזק...

די מאַרק־ייִדן האָבן געצויגן מיט די פּלייצעס. נישט געוווּסט, וואָס ר׳ שלום איז אויסן מיט חילול־שבת, וועמען ער מיינט. זיי זענען אַלע שטיל געבליבן, נאָר בייניש טרעגער מיט די פאַרלייגטע שטריק אַרום די לענדן האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן און אויפגעשפּרונגען:

— וואָזשע, ר׳ שלום, איר גייט אונדז פאַרזאָרגן מיט אָפּהיטן שבת? און איר אַליין האָט זיך שוין באַוואָרנט קעגן חילול־שבת?...

צופרידענע פון בייניש טרעגערס אַריינזאָגן, זענען די מאַרק־ייִדן זיך פונאַנדערגעגאַנגען, נאָר ר׳ שלום איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל, וואָס האָט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער עס איז נישט געווען צו וועמען. אין אָנהייב האָט אים אַ ביסל געאַרט בייניש טרעגערס חוצפה, אָבער באַלד איז ער געקומען צו זיך און אַ גוטמוטיקער שמייכל האָט באַדעקט זיין פּנים.

*

שלום רפאלקעס איז נאָך געשטאַנען אין געוועלבל און מיטן גאַנצן אייפער אָפּגעהיטן אַ קונה, ער זאָל נישט אַריינגיין אין אַן אַנדערער טיר אַריין. ער האָט געוווּסט, אַז יעדע מינוט, ווען ביי אים איז פאַרמאַכט, נעמט אים לייזער־אברהמס צו אַ קונה.

אויף דער עלטער איז ער פוילער געוואָרן. ס'האָט זיך אים נישט גע־גלוסט אַזוי פרי אויפצושטיין. ר' שלום רפאלקעס האָט אַלץ נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַר וואָס די קני׳ען ברעכן אים אַלץ מער און מער און די זעקלעך האָבער און קלייען ווערן שווערער און שווערער... ער האָט אָנגעהויבן אין דעם אַריינטראַכטן: אפשר שוין געווען געשטאַנען אין געוועלבל? ווי לאַנג איז דען דער שיעור? אָבער וואָס וועט ער טאָן, ווען ער וועט פאַרמאַכן דאָס געוועלבל? אָנקומען צו די קינדער?

דער געדאַנק, אַז ער זאָל, ח"ו, דאַרפן אויף דער עלטער אָנצוקומען צו אַ קינד, האָט באַלד פאַרטריבן פון אים די מידקייט. ער האָט געזען, אַז אין געוועלבל ליגן די אייגענע זעק האָבער און קלייען און ער גייט אין די אייגענע שטיוול מיט הויכע כאַלעוועס און פאַרמעלטן כאַלאַטל. עלטערע מענטשן — געדענקט ער, פלעגט זיין פאָטער זאָגן — בעטן, ס'זאָל בלייבן ביים אַלטן, טאָ וואָס קומט אים אויפן געדאַנק: „ס'איז שוין גענוג"?

נאָכן שמועס מיט זיך אַליין, איז ביי ר' שלומען דאָס געוועלבל געוואָרן נאָך מער הייליקער. אין יעדן זאַק האָבער האָט ער דערפילט די ברכה פון דער ערד. עס האָט אים געצויגן אין געוועלבל אַריין, ווי אַ מאָל, אין די יונגע יאָרן, ווען ער האָט געגעסן קעסט — אין בית־המדרש אַריין. אַפילו אין די חלומות האָט ער זיך אַדורכגעשטופּט צווישן די באַפּעלצטע פויערים און די ייִדישע בעל־עגלות און אַ גאַנצע נאַכט האָט ער געהאַלטן אין שלעפּן אַרויף און אַראָפּ פון דער וואָגן און אָנשיטן מעסטלעך קלייען. ער איז צו דעם געווען אַזוי צוגעוווינט, אַז ווי נאָר די פויערים זענען אַרויס און דאָס געוועלבל איז געוואָרן ליידיק, האָבן זיינע וויִעס גענומען ציטערן און ער האָט זיך באַלד אויפגעכאַפּט פון שלאָף.

איין מאָל האָט ר' שלום רפאלקעסן אין גאַנצן זיך נישט געגלוסט אויפ־צושטיין. אַ פּאַס ליכטיקייט האָט זיך שוין געהאַט אַריינגעריסן דורך די פאַרמאַכטע לאָדנס און ער שיט נאָך און שיט האָבער אין די טאָרבעס פון די בעלי־עגלות... שלום רפאלקעס האָט זיי שוין געוואָלט פטור ווערן, און ער

האָט זיך אַ רודער געטאָן אויפֿן געלעגער, אַרויסגעשלעפּט אַ דאַרע צעפּאַ־דערטע האַנט פֿון אונטערן פּוכענעם איבערבעט און גענומען רײַבן די נאָך פֿאַרשלאָפֿענע אויגן. אָבער אויפֿשטיין האָט זיך אים נישט געגלוסט. ער האָט זיך נאָך געוואָלט געבן אַ דרײ אויס צו דער וואַנט און ווײַטער דרימלען. אָבער באַלד האָט אים אַ הייב געטאָן דאָס זעלבע, וואָס נעכטן און אײערנעכטן, וואָס אַלע טעג, ווען ער שטייט אין קרעמל: אַז לייזער אברהמס שטייט שוין לאַנג בײַ די אָפֿענע טירן פֿון זײַן קראָם, אַלע קונים פּאַקן זיך צו אים אַרײַן און ער לייזט שוין געלט. מיט אימפּעט איז ר׳ שלום אַראָפּ פֿון בעט, אין אײַלעניש אָפּגעגאָסן נעגלוואַסער, אַ צי אַרויף געגעבן די הויזן און זיך געשטעלט אָפּדאַווענען אין פֿאַרמעלטן כאַלאַטל. קײלע האָט זיך איבערגע־וועקט. עפּעס האָט זיך איר אין שלאָף געבאָמקעט, אַז שלום האָט היינט נישט באַדאַרפֿט אַזוי פֿרי אויפֿשטיין. זי האָט אין זינען געהאַט שלומען עפּעס צו פֿרעגן, אָבער דער פֿרימאָרגנדיקער שלאָף האָט זי נישט אָפּגעלאָזט און זי איז ווידער אײַנגעשלאָפֿן.

נאָכן דאַווענען האָט ר׳ שלום אָנגעשטאָפּט די גרויסע ליולקע, וואָס האָט אויסגעזען ווי דעם רבינס ציבעך. אָן דער ליולקע האָט זיך ר׳ שלום נישט גערירט. אין פּוילן האָט מען זעלטן געזען אַזאַ ליולקע. ווען נישט שמואל לייב, וואָס האָט אים די מתנה געבראַכט פֿון פּרייסן, וואָלט ער קיין מאָל צו דעם נישט געקומען. און אַז די ליולקע איז שוין געווען גוט אָנגעצונדן איז ער אַרויס אין גאַס.

אין דרויסן האָט געבלאָזן אַ וואַרעם פֿרימאָרגן־ווינטל און מיטגעבראַכט מיט זיך דעם געשמאַק פֿון סאָסנאָוועץ וואַלד פֿון יענער זײַט בוג. ר׳ שלום איז געגאַנגען מיט אונטערגעאײַלטע טריט צום מאַרק־צו. אין גאַס איז געווען שטיל. אַלץ אַרום האָט נאָך געדרימלט און אַ פֿאַרשלאָפֿענע רויקייט האָט געהויכט אויף די הייזקעס. דאָס קלאַפּן פֿון זײַנע טריט האָט אָפּגעקלונגען אויף די ליידיקע טראָטואַרן. אַ הונט האָט זיך צעבילט, אַ האָן האָט זיך אויפֿ־געכאַפּט און אַ קריי געטאָן אויפֿן הויכן קול.

ר׳ שלום האָט אַראָפּגענומען דעם בינטל שליסלען, וואָס ער האָט גע־טראָגן צוגעטשעפּעט צו די שעלקעס, און אויפֿגעשלאָסן זײַן געוועלב. ער האָט ברייט געעפֿנט די טירן. אַרויסגעשטעלט פֿאַר דער שוועל האַלבע זעקלעך קלײען און מעל און זיך אָנגעשפּאַרט אין ביישטיטל מיטן פּנים צום מאַרק.

עפּעס האָט אים געאַרט די שטילקייט וואָס אַרום. ער איז גאָר נישט געווען צוגעוווינט צו ליידיקע געסלעך. דער אַלטער מאַרק האָט אים אַצינד אויסגעזען פרעמד און אומהיימלעך. מען זעט גאָרנישט קיין פּויערישע וועגענער מיט תבואה, קעלבער און קאַרטאָפל. ס׳איז נאָך פרי — האָט ער זיך געטראַכט — אַפּנים, אַ טעות געהאַט מיטן אויפשטיין. ער האָט געמיינט, אַז ס׳איז שוין שפּעט אין טאָג אַריין, און דאָ גאָר אַזאַ רויִקייט און שטילקייט. מסתמא זיך צו פרי אויפגעכאַפּט, און דער זייגער לויפט אַוודאי מיט צוויי שעה... ר׳ שלום איז נישט געווען צוגעוווינט צו וואַרטן אויף אַ קונה, אָדער אויף אַ דאָרפיש פורל, וואָס זאָל זיך אָפּשטעלן ביי זיין געוועלבל. ער האָט זיך געדרייט אַהין און צוריק, זיך ברייט צעגענעצט און נאָך אַ מאָל אָנגעשטאָפּט די ליולקע, מיט פרישן טאַבאַק.

ביסלעכווייז האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט פאַרן געוועלבל. געביסן דאָס צינגל פון דער ליולקע און אַרויסגעלאָזט געדיכטע קנייילעכלעך רויך.

פאַר וואָס האָט נאָך נישט אויפגעלעבט דער מאַרק? וואָס קאָן דאָס זיין, אַז די מאַרק־ווייבער האָבן נאָך נישט אויפגעשטעלט די שטענדערס?

— אוי וואַ, אוי וואַ, — האָט ר׳ שלום זיך נישט געקענט שענקען — אַזאַ טעות צו האָבן... געמיינט, אַז ס׳איז שוין גרויסער טאָג, און דאָ איז ערשט סאַמע באַגינען. ווער ווייס, אויב מ׳האָט געמעגט אַזוי פרי דאַווענען...

באַלד וועלן זיי קומען — האָט ער זיך באַרויִקט — און אַ נאַטור האָבן די פּויערים, אַז זיי פאָרן אָן אַלע צוזאַמען, פילן אָן דעם מאַרק, שפּאַנען אויס די פערדלעך און דרייען זיי אויס מיט די קעפּ אין די וועגעלעך אַריין. און צו אים אין געוועלבל קומען זיי אויך אַלע מיט איין מאָל. און אַרום איז נאָך אַלץ פאַרמאַכט. קיילע שלאָפט נאָך, און ווי אַזוי ער וועט זיך היינט פרי קענען אַליין אַן עצה געבן, ווייסט ער אַליין נישט... מוז זיין, אַז ער איז די נאַכט נישט געשלאָפן מיט אַ רויִקן שלאָף. אָדער אפשר האָט אים אין שלאָף דער רוקנביין וויי געטאָן און ס׳האָט אים פאַר דער צייט פון בעט אַרויסגעיאָגט...

דערווייל איז נאָך אַלץ שטיל. אמת, יעדע מינוט קאָנען זיי זיך אַלע אַהערלאָזן, אָבער ס׳איז עפּעס פאָרט צו שטיל. ער שפּיזט אָן די אויערן, אפשר וועט ער דערהערן דאָס קאָלערן זיך פון די פּויערישע פורלעך, אָבער ער הערט נישט קיין רייף פון אַ וואָגן... ס׳ערשטע מאָל זינט ער איז סוחר

געוואָרן, טרעפט דאָס, ער זאָל אויפשטיין אַזוי פרי. כמעט יעדן טאָג, ווען ער עפנט זיין געוועלבל, האָבן שוין אברהם לייזער און מענדל שענקער לאַנג געעפנט. אַלע מאָל איז ער דער פאַרשפעטיקטער, און היינט — גאָר דער ערשטער...

ר׳ שלומען גייען שוין נישט אָן די פויערישע פירן מיט די זעק האָבער, וואָס מ׳קאָן באַלד אין דער פרי מיט אַ גילדן וועלוועלער קויפן, אויך נישט — די טאָרבעס קלייען, וואָס ער דאַרף אָנשיטן, און ער וויל שוין דערזען אַ מענטש. נאָך קיין מאָל האָט ער נישט באַגערט צו דערזען אַ מענטש ווי אַצינד. יעדע מינוט איז פאַר אים געוואָרן אַן אייביקייט. ער דרייט זיך אַרויף און אַראָפּ פאַרן געוועלבל, זוכט אין אַלע ווינקעלעך פון מאַרק, אפשר וועט זיך ווער באַווייזן. פלוצעם דערזעט ער פון וויטנס זיין ברודער שמואל לייב. נאָך מער פלא. ווי קומט עפעס דאָ אַהער שמואל לייב אין אַ וואָכנטאָג?... אַ גאַנצע וואָך איז דאָך שמואל לייב אונטערוועגנס, אָדער קיין דאַנציק, אָדער אויפן וועג אַהיים... עס לאָזט אים שוין נישט שטיין אויף אַן אָרט. ער לאָזט איבער דאָס אָפענע געוועלבל און לויפט אַ ביסל פאָרויס צום שמאָלן געסל צו. אָבער ס׳איז טאָקע שמואל לייב! און ער גייט — ציט דאַכט זיך אים אויס — אָנגעטאָן שבתדיק... מיטן טלית פאַרלייגט אויפן האַלדז... באַלד דערזעט ער שוין נאָך אַ מענטש. ס׳איז דער שמש. מילא, שמואל לייבן האָט ער נישט געקאָנט נאָכיאָגן, אָבער מיטן שמש קאָן ער דאָך יאָ עפעס ריידן. ער גייט פונקט פאַרביי זיין געוועלבל. שלום רפאלקעס שטייט מיט דער לאַנגער ליולקע אין מויל און וואַרט אויפן ערשטן „גוט מאָרגן״. אָבער דער שמש בלייבט שטיין אַ רגע און קוקט אויף אים מיט אַזאַ בליק, ווי ער וואָלט געזען עפעס אויסטערלישס. ער באַהאַלט די אויגן צווישן דער באָרד און לויפט שנעל אַדורך.

ס׳קומט, ווייסט ער, אַז דער שמש זאָל דער ערשטער זאָגן ר׳ שלום רפאלקעסן „גוט מאָרגן!״, און נישט פאַרקערט...

אָבער וואָס זאָל דאָס באַטייטן? ס׳קומען אָן נאָך יידן, און קיין פויעריש פורל זעט מען אַלץ נישט אין מאַרק. אויך חידושט אים אויף די יידן. זיי זעען גאָר אַנדערש אויס. גייען מיט געמאָסטענע טריט, זענען נישט פאַר־שמייעט. ער קאָן זיך אַלץ נישט שענקען דעם שמשס חוצפה — נישט צו זאָגן קיין גוט מאָרגן שלום רפאלקעסן? ער קוקט אים נאָך מיט שטעכעדיקע

אויגן און טראַכט זיך, אַז שענקען דאָס וועט ער אים נישט... אָבער אין דער מינוט זעט ר׳ שלום, ווי דער שמש לויפט אַקעגן עטלעכע ייִדן מיט אַן אויסגעשריי:

— ייִדן, זעט וואָס עס טוט זיך מיט ר׳ שלום רפאלקעסן!...

און ווי נאָר זיי האָבן זיך אויסגעדרייט, איז דער שטילער מאַרק פאַרשריגן געוואָרן מיט אַ סך קולות:

— ר׳ שלום, ר׳ שלום, גאָט איז מיט אייך! וואָס טוט איר? אַן אָפּן געוועלב מיט אַ ציבעך אין מויל? ס׳איז דאָך היינט שבת!

אַ סך פויסטן האָבן זיך געהויבן אַקעגן אים און אַלע מיט אַ מאָל האָבן זיך צעשריגן.

— שבת איז דאָך היינט!!!

שלום רפאלקעסן איז אַלץ אויף איין מאָל קלאָר געוואָרן. אַ קאַלטער שווייס האָט אים מיט איין מאָל באַגאָסן. ער האָט אַ זעץ געטאָן די ליולקע אין ברוק און זי צעבראָכן אויף שטיקלעך, אָבער דער רויך האָט זיך אין שוואַרצע רעדער גענומען דרייען פאַר זיינע אויגן. ער האָט געוואָלט אַקעגנגיין די ייִדן און זיי עפּעס זאָגן, אָבער ער האָט דערפילט ווי אַ שטיק פון דער צעבראָכענער ליולקע איז אים געבליבן שטעקן אין מיטן האַלדז. די ליפּן האָבן אים גענומען ציטערן. ס׳האָבן מיטגעציטערט די געל־פאַרייכערטע האָר פון זיינע גראָע וואָנצעס, אָבער קיין איין וואָרט האָט ער פון זיך נישט געקענט אַרויסבאַקומען. באַלד האָט ער זיך אַ קייקל געטאָן פון הויכן טראָטואַרל און ווי אַ סנאָפּ אַראָפּגעפאַלן אין מאַרק אַריין.

# די באָבע מירקע

דער ווינטער האָט זיך געשטעלט אַ פריִער. באַלד נאָך די סוכותדיקע רעגנס האָט אָנגעהויבן צו כאַפּן אַ פרעסטל. די פירלעך טרוקן האָלץ, וואָס פויערים האָבן געברענגט אין שטאָט אַריין זענען אַרומגערינגלט געוואָרן פון אַ סך קונים און גלייך צעכאַפּט געוואָרן. פון טייך בויג האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט. די קעלט האָט זיך אַריינגעריסן אין דער הויט, אין די ביינער. קיינער איז נאָך נישט געגאַנגען וואַרעם אָנגעטאָן, און אַז מ׳האָט אַרויסגעשטעלט דעם קאָפּ אין דרויסן, איז מען באַלד צוריק אַריין אין שטוב. די אָנגעזאַפּטע מיט רעגנס, פּעטע פעלדער און דער שוואַרצקעפּיקער וואַלד פון אַרום האָבן אונטערגעטריבן די נאַכט, וואָס האָט זיך אין אַ געדיכטן, נאַסן טומאַן אויסגעלייגט אויפן שטעטל.

אויבן, פון בערגל אַראָפּ, ווו די הייזער זענען געווען שיטערער, האָט געאיילט אַן אַלטע פרוי אין טאָל אַריין. דער ווינט האָט געריסן איר לאַנג שאַרע קלייד און זי געשטופּט פאָרויס. וואָס נענטער זי איז געקומען צום טאָל־צו, אַלץ מער האָבן זיך אונטער אירע פיס געבראָכן די דינע אייז־שייבלעך אין מיטן וועג, אין די נאַסע געסלעך.

אונטערן דעקטוך האָט זי עפּעס פעסט צוגעהאַלטן. דאָס איז געווען אַ פּושקע מיט מטבעות, וואָס זי האָט באַוויזן היינט צוזאַמענצונעמען איבערן שטעטל. ס׳איז געווען דאָנערשטיק, און די באָבע מירקע האָט געאיילט אין שטוב אַריין מיטן צוזאַמענגענומענעם געלט פאַר אביונים אויף שבת. מאָרגן וועט זי גאַנץ פרי אויפשטיין און עס אַוועקטראָגן אין שטובן, ווו דער דלות וווינט אַ גאַנץ יאָר.

פון וואַנען די באָבע מירקע שטאַמט, איז קיינעם נישט אָנגעגאַנגען. די זקני העיר האָבן דערציילט, אַז איר פאָטער איז געווען אַן אָפּגעהיטענער ייִד, אַ למדן, אַ וואַלד־סוחר, וועמען די פּריצים האָבן געגלייבט אויפן וואָרט, און די מוטער — אַ חזנס אַ טאָכטער. אָבער אויך די קאַרגע פּרטים האָט

קיינער נישט געוואָלט וויסן. באָבע מירקע איז געווען יחוס עצמו. זי אַליין איז געווען דער שטאַם פון יחוס־בוים, אויף וועלכן ס׳זענען שוין אויסגעוואַקסן אַ פּאָר גאַרנס צווייגן; קינדער, אייניקלעך און אוראייניקלעך. ס׳איז געווען גענוג, מ׳זאָל אויף וועמען אַ זאָג טאָן, אַז ער איז אַ שטיקל משפחה מיט דער באָבע מירקע, אַפילו אַ גליד־שוועסטערקינד, און ס׳זאָל צו ניץ קומען ביים טאָן אַ גוטן שידוך.

נישט נאָר פון אירע אייניקלעך איז זי גערופן געוואָרן באָבע מירקע, נאָר אַזוי האָט זי דאָס גאַנצע שטעטל גערופן. איר פאַמיליע־נאָמען האָבן ווייניק מענטשן געוווסט.

געווען איז זי אַ שוואַכע יידענע, נידעריק און אויסגעדאַרט, און אַז זי האָט זיך איינגעבויגן, האָט זי אויסגעזען ווי אַ קליין צוועלף־יאָריק מיידעלע, וואָס גייט אַ ביסל איינגעבויגן פון דער לאַסט, וואָס זי טראָגט אויף זיך. זי האָט זיך זייער לייכט באַוועגט. נישט אַדורכגעלאָזט קיין מצווה־טענצל אויף חתונות אין שטעטל. אין דער ווייבערשול איז זי אַלע מאָל געקומען די ערשטע און אַהיימגעגאַנגען די לעצטע. איר זיקנה האָט זיך אָנגעזען בלויז אין די באַקן־גריבלעך, אין וועלכע ס׳האָבן זיך איינגענעסט געלע פלעקן, און אין דער שאַרסטקער הויט פון די קליינע,ביינערדיקע הענט, וואָס האָבן געטאָן שווערע אַרבעטן: געשלעפּט פּעק אויפן מאַרק־אַרויס, געשיילט קאַרטאָפל, געשייערט טעפּ און געוואַשן גרעט.

געוווינט האָט די באָבע מירקע אין אַן אייגן הייזל. געווען איז דאָס אַ ירושה־הייזל. דער אַריינגאַנג איז געווען פון גאָס. באַלד ווי מ׳האָט געעפנט די טיר, איז געווען אַ גרויסע שטוב מיט צוויי פענצטער צו דער גאָס און אַ קליין פענצטערל אין הויף אַריין. די שטוב איז געווען ווייס אויסגעקאַלכט און אַלע מאָל ריין. קעגנאיבער דער טיר איז געשטאַנען אַ גרויסער קאַפלאַנער אויוון מיט אַ ברייטן געזימס. אין אויוון איז געווען אַ קאַווע־רער, ווו מ׳האָט שבת אַריינגעשטעלט אַ טשייניק טיי. ווינטער האָבן זיך ביי דעם אויוון פלייצעס געוואַרעמט און די היץ האָט זיך צעטראָגן איבער דער גאַנצער שטוב. באַלד ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ ברייטע באַנק מיט אַ גרויס פעסל וואָסער אין ברייטע מעשענע רייפן. ביים פעסל — אַ קיבעל מיט אַ קופּערנער קוואָרט מיט צוויי אויערן צו וואַשן די הענט און אַ הילצערן שעפל אָפּצוגיסן. די פּאָדלאָגע איז געווען פון לאַנגע ברעטער,

און אין מיטן האָט מען געקענט אויפהייבן אַ טירל און אַראָפּגיין אין קעלער אַריין. דער קעלער איז געווען פול מיט קאַרטאָפל, בוריקעס, מייערן און קרויט. אויף דער וואַנט, קעגנאיבער דער דעמבענער קליידער־שאַנק, זענען געהאָנגען בילדער מיט רביים און צדיקים. זיי האָבן אַראָפּגעקוקט פון דער וואַנט, אָנגעטוענע אין טליתים מיט ברייטע עטרהס אַרום די העלדזער. זייערע גראָע בערד מיט שטריימלעך אויף די קעפּ האָבן אָנגעוואָרפן אַ גאָטס־פּאַרכטיקייט אויף דער גאַנצער שטוב. אויף דער שווער־געשניצטער קאָמאָדע זענען אויסגעפּוצטע געשטאַנען צוויי שבת־לייכטער און אַ שווערע מעשענע חנוכה־לאָמפּ מיט אַכט רערן.

אַ קיך צום קאָכן האָט באָבע מירקע געהאַט אַ געמויערטע פון ציגל, אָפּגעווייסט, מיט זעקס פייערקעס און אַ גרויסן בראַטאויוון. לעבן דער קיך איז געשטאַנען אַן אייזערן אייוועלע מיט לאַנגע בלעכערנע רערן, וואָס זענען אַריינגעגאַנגען אין קוימען אַריין. באַלד נאָך סוכות, ווי נאָר ס'האָבן זיך אָנגעהויבן די קאַלטע רעגנס, האָט מען דאָס אייוועלע אַריינגענומען אין שטוב אַריין. ביז דער קאַפּלאַנער אויוון האָט זיך דערוואַרעמט, איז עס דערווײַלע צו נוץ געקומען. נישט אַלע מאָל האָט זיך אויך געלוינט צו הייצן דעם גרויסן קאַפּלאַנעם אויוון. דער אויוון איז געווען אַ גרויסער ביז אונטער דער סטעליע אַרונטער. ער האָט גוט געוואַרעמט, אָבער איין חסרון האָט ער געהאַט. ער האָט געדאַרפט טרוקן האָלץ, און מיט ווייניקער ווי אַ האַלבן פּוד קוילן, האָט ער זיך נישט דערוואַרעמט.

דער וויכטיקסטער חפץ אָבער אין דער שטוב ביי דער באָבע מירקע איז געווען דער גרויסער וואַנט־זייגער מיטן לאַנגן אומרו און געלן ציפערבלאַט, אויף וועלכן מ'האָט נאָך געקאָנט איבערלייענען PARIS דער זייגער איז געווען איינגעראַמט אין אַ פּאָלירט שענקל. אינעווייניק אין שענקל זענען געלעגן צוויי שליסלען אים אָנצוציִען. ווינטערצייט, ווען די פּאַרע אין שטוב איז געווען געדיכט, פלעגט זיך דער זייגער אָפּשטעלן. באָבע מירקע האָט אים קיין מאָל נישט געטראָגן צו קיין זייגערמאַכער. זי האָט גענומען אַ גענ־דזענע פעדער, איינגעטונקט אין נאַפט און אויסגעשמירט אַלע רעדלעך, דערנאָך האָט זי אַ ריר געטאָן די אומרו, און דער זייגער האָט ווידער גענומען קלאַפּן מיט זיין טיק־טאַק.

דאָס הייזל איז געלעגן איינגעגלידערט אין אַ שורה הייזקעס, וואָס האָט

געפירט צום טאָל־צו, ביים ברעג פון טייך בוג. באָבע מירקע האָט ליב געהאַט דעם טייך. זומער פלעגט זי לאַנג שטיין ביים ברעג און זיך צוקוקן צו זיינע געלבלעכע וואַסערן. דאָ האָט זי אין אירע יונגע יאָרן אין די שבתים שפּאַצירט, מיט וויאָסלעס אויף זיינע כוואַליעס שיפלעך געטריבן. שוין אַזוי פיל יאָרן ווי זי עסט פיש פון זיינע וואַסערן. זי געדענקט אויך וויפל מאָל דער בוג האָט אויסגעגאָסן, פאַרפלייצט הייזער און גאַנצע דערפער. גרויסע שאָדנס אָנגעטאָן, און מענטשן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ איבערגעלאָזט — אָבער מיטן בוג איז קיינער נישט ברוגז געוואָרן.

ווינטערצייט איז די גאַנצע שורה הייזקעס פון באָבע מירקעס געסל געלעגן פאַרדעקט אין ווייסן. די פענצטער זענען געווען פאַרקאָוועט מיט אייז. פון דאַך האָבן אַראָפּגעהאָנגען לאַנגע אייז־צאַפּנס, ווי געצויגענע חלבענע ליכט. פון די קוימענס איז אויפגעגאַנגען אַ טונקל־געדיכטער רויך. אין די שטובן האָבן געגליט אייזערנע קיכלעך און די פאַרע האָט אויסגעהאָפטן דיקע פראָסט־בלומען אויף די טאָפּלטע פענצטער, ביז דאָס אייז אויפן בוג האָט זיך גענומען שפּאַלטן און דער צעגאַנגענער שניי האָט אַ ריר געטאָן דעם שטייענדיקן טייך.

אויך ווינטער אין די גרויסע פרעסט, איז באָבע מירקע געווען רירעווודיק, ווי אַ גאַנץ יאָר. ביי טאָג איז זי אַרומגעלאָפן איבערן שטעטל צו פאַרדינען אויף חיונה. זי האָט זיך שטענדיק געאיילט. — „דער טאָג איז קורץ און איך דאַרף נאָך זיין דאָ און דאָרטן" — האָט זי זיך אַליין אונטערגעיאָגט. מיט דער נאַכט צו גלייך איז זי געקומען אין שטוב אַריין, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די וואָלענע פאַטשויל, אַראָפּגענומען דאָס דערעלע פון קאָפּ, אויסגעטאָן דעם אָפּגעריבענעם מאַנטל, און ביז דער קאַפּלאַנער אויוון וועט זיך דערוואַרעמען, האָט זי דערווייל איינגעפייערט דאָס אייזערנע אייוועלע — אַז שלמהלע וועט אַהיימקומען זאָל ער האָבן אַ וואַרעמע שטוב.

אַז דאָס אייוועלע איז רויט געוואָרן און אַ מילדע וואַרעמקייט איז זיך צעגאַנגען איבער דער שטוב, האָבן די באָבע מירקעס בעקלעך זיך גענומען רויטלען, ווי טאָמאַטן, וואָס דערשפּירן אַ וואַרעמע זון. די מידקייט פון אַרומלויפן איבערן שטעטל האָט זי מער נישט געשפּירט, און די שטוב מיט די צעקרימטע פּאָדלאָגע־ברעטער איז ביי איר געווען ווי אַ רייכער פּאַלאַץ.

— נו, דאַרף מען נישט לויבן דעם, וואָס איז אייביק? — האָט זי

געזאָגט צו שלמהלען, ווען ער איז נאָר אַריינגעקומען — וויפל אביונים וואָגלען איצט איבער די וועגן, וויפל ייִדן דאָרפס־גייער זענען נאָך אין מיטן שליאַך און שלעפּן זייערע מידע פיס אויפן וועג אַהיים? און אַז מען זיצט אין אַזאַ ליבע וואַרעמקייט און ס׳פעלט נישט אויס קיין קאַרטאָפל אין קעלער, דאַרף מען נישט זינדיקן.

זי איז געזעסן אויפן קליינעם בענקעלע און פלינק געשיילט קאַרטאָפל. ווינטער, אַז די פרעסט האָבן געברענט, האָט זי אָנגעשיילט מער קאַרטאָפל, ווי צוויי מענטשן דאַרפן האָבן. זי האָט אָנגעקאָכט אַ גרויסן טאָפּ קרופּניק, און אים אָנגערייִשט מיט ציבעלעס און געגדזענע גריוון. דאָס ערשטע שיסעלע האָט זי דערלאַנגט שלמהלען.

אין אָנהייב נאַכט פלעגט זי זיצן מיט אָנגעשפּיזטע אויערן:

— האַ?, זיי נאָר שטיל! דאַכט זיך מ׳גייט הינטערן פענצטער?... גיב נאָר אַ מאַך אויף די טיר. אפשר ווייסט ער נישט ווו אַריינצוגיין...

דאָס האָט זי געוואַרט אויף אַ ייִד אַן אביון, וואָס גייט איבער דער מדינה. און אַז ס׳האָט זיך געמאַכט אַז אַזאַ אורח איז צו איר אַריינגעפאַלן, אַ הונגעריקער אַ פאַרפראָרענער, איז באָבע מירקע געווען איבערגליקלעך און אים אויפגענומען ווי אַן אָנגעלייגטן גאַסט.

— זעצט זיך דאָ אַוועק, ר׳ ייִד, אָט דאָ אויפן בענקל. טוט אויס די בונדע. בייגט זיך צו צום קעכל, ווען די וואָנצעס שנעלער אָפּטריפן פון שניי. ס׳מאַכט נישט, וועט זיין אַ ביסל נאַס. באַלד וועט זיך דער קאַפּלאַנער אויוון דערוואַרעמען, וועט סיי ווי זיין טרוקן אין שטוב. טרינקט אַ גלעזל וואַרעמס.

און איידער וואָס־ווען, האָט זי שוין געהאַט אָנגעגאָסן פאַרן אורח אַ טעפּל הייסע טיי מיט פריש־געבאַקענע מאָן־קיכלעך. האָט דער אורח אָנגעהויבן אַ ביסל צו הוסטן, האָט זי אים שטאַרק צוגערעדט צו איר אייגענער רפואה:

— כ׳זע, איר זענט אַ ביסל צוגעקילט. כ׳וועל אייך אויפבריִען אַ טעפּל פרישן שלאָעס. איר האָט שוין געדאַוונט מעריב? אָט באַלד וועל איך מאַכן וויעטשערע.

אָבער נאָך וויעטשערע, ווען דער אורח האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיט דער פּלייצע צום קאַפּלאַנעם אויוון און ס׳האָט אים נישט געגלוסט אַרויס־צוגיין פון דער וואַרעמער שטוב, איז זי געוואָרן אַ ביסל אומרויִק. ס׳האַרץ

האָט איר ווי געטאָן, וואָס זי קאָן נישט בשלימות מקיים זיין די מצווה פון הכנסת אורחים, אָבער זינט זי איז געוואָרן אַן אַלמנה, האָט זי נישט געוואָלט האָבן צו טאָן מיט בייזע צינגער, און קיין שום פרעמדער מאַנס־פּאַרשוין האָט נישט געקאָנט אין איר שטוב איבערנעכטיקן. און אַז דער אורח האָט זיך אַוועקגעזעצט און איינגעדרימלט, האָט זי אַ שעה־צוויי אים געלאָזט איבערשלאָפן, אָבער אַז ס'איז געוואָרן שפּעט, האָט זי אים גענומען וועקן:

— נאַט אייך ר׳ ייִד, נעמט מיט אַ פּאָר שטיקלעך קאַנדל־צוקער, דער הוסט זאָל אייך נישט טאָטשען ביי נאַכט...

דאָס איז געווען אַן אָנצוגעהערעניש, אַז די שעה איז שפּעט און ס'פּאַסט נישט, אַז אַ פרעמדער מאַנספּאַרשוין זאָל זיין מיט איר ביחידות. ער דאַרף גיין שלאָפן אַנדערש וווּ.

שבת ביי טאָג איז די באָבע מירקע ממש אויסגעגאַנגען צו האָבן אַן אורח ביים טיש. האָט דער פראָסט געמעגט ווי קנאַקן, און די שנייען הויך ביז די קניִען, איז זי געגאַנגען שבת צום דאַווענען. זומער האָט זיך איר בעסער געדאַוונט. זי איז געווען די „זאָגערין" און ווייבער האָבן איר נאָכגע־זאָגט. אָבער ווינטער זענען די בענק אין דער ווייבער־שול געווען כמעט ליידיק, און די באָבע מירקע האָט געדאַוונט פאַר זיך. טייל מאָל, ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען פון שול און געזען, ווי ס'שטייט נאָך ביי דער טיר אַן איבערגעבליבענער אורח, וואָס קיינער האָט נישט מיטגענומען, האָט איר האַרץ געפּישטשעט צו צוגיין און מיטצונעמען דעם ייִדן אויף אַ שבת־מאָלצייט. אָבער זי האָט ביי זיך קיין מאָל נישט געקאָנט פּועלן דאָס צו טאָן. ווי וועט דאָס אויסזען — האָט באָבע מירקע געטראַכט — ווען כ'וועל מיר אַהיימפירן אַ פרעמדן מאַנספּאַרשוין פון שול אַרויס...

אַנדערש איז אָבער געווען ווען דער אורח איז אַליין אַריינגעקומען. זי האָט נישט געפרעגט ווער ס'האָט אים געשיקט, פון וואַנען ער ווייסט, אַז זי נעמט אויף אורחים. געוווּסט האָט זי, אַז דאָס איז הערשעלע שמשס אַרבעט. ער זאָגט דאָס זיי אונטער ווו צו גיין גוט אָפּעסן.

# שבת

אַ גאַנצע וואָך איז די באָבע מירקע געווען פאַרשמייעט מיט אייגענע זאָרגן און קהלישער אַרבעט, אָבער שבת און יום־טוב האָט זי אויפגעבליט, ס׳האָט אויף איר ממש גערוט די שכינה — אַזוי האָבן ווייבער גערעדט. עפּעס איז זי יינגער געוואָרן, גרעסער און ברייטער. באַלד פרייטיק פאַר נאַכט האָט זי אָפּגעוואַרט דעם שבת ווי מ׳דערוואַרט אָפּ אַ מלכה. מיט ליכט־צינדן איז זי געווען זייער פּאַרזיכטיק נישט צו פאַרשפּעטיקן, דער עיקר אין „קורצן פרייטיק". די ליכט האָט זי געצונדן אין די גאָר אַלטע מעשענע לייכטער, וואָס זענען שוין דריי דורות איבערגעגאַנגען בירושה פון האַנט צו האַנט.

שלמהלע האָט קיין מאָל נישט פאַרשפּעטיקט צו זיין אין שטוב בעת די מאַמע צינדט ליכט. אָבער ביי דער באָבע מירקע איז געווען אָנגענומען אַ מינהג, אַז צום ליכט־צינדן האָבן געמוזט זיין כאָטש צוויי אייניקלעך אָדער אור־אייניקלעך. זי איז לאַנג געשטאַנען ביי די אָנגעצונדענע ליכט, מיטביידע הענט פאַרלייגט אויף די אויגן. אירע ליפּן האָבן געציטערט, אָבער קיין וואָרט האָט מען נישט געהערט. און אַז אַ מאָל האָט אַן אייניקל זי אַ פרעג געטאָן:

— וואָס ביסטו, באָבעניו, אַזוי לאַנג געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט אויף די אויגן? — האָט זי בנעימותדיק געענטפערט:

— ביים ליכט־צינדן קאָן איך מיר אויסבעטן וואָס כ׳וויל. און כ׳מוז אַלע אין זינען האָבן; אייערע טאַטעס און מאַמעס, אייך, אַ ל ע! און דו קליינע — האָט זי זיך אַריבערגעבויגן צום אייניקל און אויפגעהויבן מיט דער האַנט איר גאָמבקע — דו זיי וויסן, אַז ליכט־צינדן איז איינע פון די דריי מצוות, וואָס זענען געגעבן געוואָרן צו ווייבער, און אַז דו וועסט גרויס ווערן זאָלסטו די מצווה אָפּהיטן, ווי אַן אויג אין קאָפּ.

אַז ס׳איז געקומען שבת, האָט די באָבע מירקע זיך אָנגעטאָן אין שענסטן, וואָס זי האָט נאָר פאַרמאָגט. קודם כל האָט זי געגעבן אַ נעם אַרויס דאָס זיידענע קלייד מיט די לאַנגע טראָלדן און וויס־געהאָפטענע מאַנזשעטן אַרום די הענט. אַז זי איז געגאַנגען אין דעם ברייט־געפאַלדעוועטן קלייד האָט מען געהערט דעם רויש פון זיידנס. דאָס קלייד האָט געהאַט אַ ברייט־

געהאַפטענעם ווייסן קאָלנער מיט קליינע בענדעלעך, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי ס'וואָלט אַרומען האַלדז געווען אַ געשטיקטע עטרה. אויפן האַלדז האָט זי אָנגעטאָן די שנור פערל, וואָס זי האָט אַלע מאָל אָפּגעהיטן און באַהאַלטן, אַז קיין שום אייניקל זאָל נישט וויסן ווו דאָס געפינט זיך.

זי איז געגאַנגען אין שול אַריין מיט פּאַמעלעכע טריטעלעך, שטאָלץ און רויק. אין שבת־ציבעק האָט זי אויסגעזען העכער און גרעסער.

אין דער ווייבערישער שול פונעם גרויסן בית־מדרש האָט די באָבע מירקע געהאַט אַ מזרח־שטאָט. אָבער גאָר אָפט איז זי געשטאַנען ביי דער טיר, ביי די ווייבער, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין באַצאָלטע שטעט, ווייל זי האָט איר פּלאַץ אָפּגעגעבן פאַר די שוואַכע פרויען, ספּעציעל פאַר יונגע ווייבלעך, וואָס זענען שוין געווען אין די הויכע חדשים.

נישט דאָס גאַנצע צירינג, וואָס די באָבע מירקע האָט געהאַט, האָט זי יעדן שבת אַרויסגעוויזן. נאָר איין מאָל אין יאָר האָט זי אָנגעטאָן אַלץ, וואָס זי האָט פאַרמאָגט. דאָס איז געווען דעם צווייטן טאָג ראש־השנה. דעמאָלט האָט זיך באָבע מירקע אויסגעצירט ווי אַ נגידותטע: אין דער לאַנגער בראָש מיט אַלע גאָלדענע פינגערלעך; אויפן האַלדז — די שווערע גאָלדענע קייט מיטן פאַרמאַכטן זייגערל מיט צוויי קאָפּערטן; פון אירע אויערן האָבן געפינקלט בריליאַנטענע אוירינגלעך, איינגעפאַסט אין פּלאַטין; אויף די הענט — ברייט־גאָלדענע בראַנזאָלעטן און אין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ ירושה־מחזור, באַשלאָגן מיט זילבערנע טעוועלעך. אַז אַ חוצ־פּהדיק אייניקל האָט ווידער אַ פרעג געטאָן — „באָבע, וואָס האָסטו זיך אַזוי אויסגעסטראָיעט?" — האָט די באָבע מירקע זיך נישט געבייזערט:

— היינט, דעם צווייטן טאָג ראש השנה — איז איר שטימע געווען שטיל און גאָטספאָרכטיק — טיילט מען מזונות אויף אַ גאַנץ יאָר, און אַזוי ווי מען שטעלט זיך אַוועק, אַזאַ פאָרציע באַקומט מען. אַ קבצן גיט מען אויף פּרנסה 150 רובל, און ער מוז אויסקומען אַ גאַנץ יאָר. אָבער פאַר אַ נגידותטע האָט מען אַ ביסל מער דרך־ארץ... ווי מען זעט דיך — אַזוי פאַרשרייבט מען דיך...

ראש־השנה איז די באָבע מירקע אַוועקגעגאַנגען גאַנץ פרי אין שול אַריין. דעמאָלט איז זי געשטאַנען אויבן אָן אויף איר שטאָט און קיינעם נישט אַרויפגעלאָזט. זי האָט אָן אויפּהער געדאַוונט פון זילבערנעם מחזור, און

אַזוי האָט זי אַריינגעדאַווענט און אַריינגעוויינט, ביז וואַנען זי איז צוריק אַהיימגעקומען מיט אַ זיכערע זאַך — אַז פּרנסה האָט זי זיך אויסגעבעטן אויף אַ גאַנץ יאָר. אַי, מ׳דאַרף האַרעווען? מילא, אַ מענטש קאָן דאָך נישט אַרומגיין אַ גאַנץ יאָר ליידיק.

אויף באַקן און קאָכן איז באָבע מירקע געווען אַ גרויסע בריהטע. וועגן איר געבעקס און געקעכטס האָט מען אין שטעטל ממש וווּנדער דערציילט. ספּעציעל האָט געשמט איר שבת־קוגל. אַז עמעץ האָט געוואָלט לויבן אַ מאכל, האָט מען געזאָגט — „ס׳האָט אַלע מיני טעמים, ווי מירקעס קוגל״. אויף שבת האָט זי אָנגעגרייט פון כל טוב. דאָס טשאָלנט האָט „געוויינט״ פון פעטס, די קאַרטאָפל האָבן געגלאַנצט און געווען טונקל־ברוין ווי נאַסע טייטלען, דער רייז־קוגל מיט צימערינג איז צעגאַנגען אין מויל. נישט אַלע מאָל האָט באָבע מירקע געמאַכט אַ רייז־קוגל, אָבער אויך איר לאָקשן־קוגל איז געווען פעט, זיס און געהאַט טויזנט טעם. צום טיש האָט זי דער־לאַנגט געהאַקטע לעבערלעך מיט ציבעלעס; די געפלאָכטענע חלות און דאָס מייערן־צימעס האָבן באַשיינט דעם טיש ווי אין די רייכסטע הייזער. נאָר מיט איין זאַך איז זי געווען היגטערשטעליק: פיש האָט זי געקויפט אַבי נאָר יוצא צו זיין. זינט זי איז געוואָרן אַן אַלמנה, איז זי אָפּגעקומען אַפילו מיט קליינע קאַרעשקעלעך.

איינהייצן די קיך ביי דער באָבע מירקע אין שבת האָט געקענט נאָר דער לאָמער פראַנעק. צו קיין אַנדערן שבת־גוי האָט זי נישט געהאַט קיין צוטרוי און נישט אַריינגעלאָזט אין שטוב אַריין. — מ׳קאָן מיר נאָך אַריינ־וואַרפן אַ שטיק חזיר אין די טעפּ אַריין — האָט זי מורא געהאַט. פראַנעק איז געווען אַ היימישער, אַן אייגענער. געווען איז ער שוין אין די יאָרן, אַן אַלטער פויער, אַן אָפּגעריסענער און שטענדיק אַ הונגעריקער. ער האָט געהאַקט האָלץ און געטראָגן שווערע פּעק וועש אין דער מאַנגל אַריין, אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געסטייעט, ביז ס׳איז געקומען שבת. ער האָט געהייצט די קיכן אין יידישע שטובן און אָנגעקליבן גרויסע חלה־מוציאס אויף אַ גאַנצער וואָך.

אַלע שבת האָט זי אָנגעגרייט כיבוד פאַר דער גאַנצער משפּחה. נאָכן שלאָף פלעגן קומען פעטערס און מומעס, אייניקלעך און אוראייניקלעך צו דער באָבע מירקע אויף שבת־אויבס. צום שבת־אויבס האָט זי געטיילט

פוטער־קיכלעך מיט טעלערלעך איינגעמאַכץ. די קיכלעך זענען געווען קרוכע און די קינדער האָבן אָנגעקרישלט אויף דער פאָדלאָגע. באָבע מירקע האָט באַלד די קרישקעלעך צוזאַמענגעשאַרט מיט אַ פלעדערוויש. זומער־צייט זענען געשטאַנען אויפן טיש אַלע מינים פירות: שוואַרצע פלוימען, בזשאָכעס, ליבעשקעס. פאַרגעמיטן און „ווינעווקעס". ווייכע פאַפּיערוווקעס און טשור־בייקעס־עפל. אָבער אפילו אין די שבתים נאָך פסח האָבן די קינדער נאָך באַקור־מען עפל. ביי דער באָבע מירקע זענען נאָך געווען שמחת־תורה־עפּעלעך און פעלשענע ניס. אַזוי איז מען געזעסן ביז ס'איז נאַכט געוואָרן, און אַלע נייעסן פון משפחה און שטעטל, וואָס האָבן פּאַסירט איבער דער וואָך, האָט מען אַדורכגעשמועסט.

## די שטומע גוטשעלע

שבת און יום־טוב איז די באָבע מירקע געווען פאַר זיך און פאַר דער משפחה, אָבער אַז ס'איז געקומען דער אינדערוואָכנס, האָט זי צוריק איבער־גענומען דעם עול צו זאָרגן פאַרן שטעטל. זי האָט געזאָרגט פאַר אביונים, אין וועמענס שטובן ס'איז נישטאָ קיין שטיקעלע ברויט. פאַר ביקור־חולים, פאַר ישיבה־בחורים, וואָס דאַרפן האָבן אַ טאָג צו עסן און אַ וואַרעם געלעגער צו שלאָפן, און אַז מ'האָט געדאַרפט חתונה מאַכן אָרעמע־לייט, האָט זי שוין געוווּסט ביי וועמען צו מאָנען געלט.

אַ סך נויטבאַדערפטיקע זענען צו איר אַריינגעקומען אין שטוב אַריין. פאַר יעדן האָט זי געהאַט אַ גוט וואָרט, אַ טרייסט. אָבער מיט קיינעם האָט זי זיך נישט אַזוי אָפּגעגעבן ווי מיט דער שטומער גוטשעלע.

— אַלע — האָט די באָבע מירקע געזאָגט — ריידן, דערציילן פון זייער נויט, וואָס ס'טוט זיי וויי, זיי מאָנען, שרייען, וויינען, אָבער זי נעבעך — וואָס קאָן זי זאָגן — אַז גאָט האָט איר צוגעמאַכט דאָס מויל.

די שטומע גוטשעלע איז נאָך היינט אויף שיין, אָבער אַ מאָל איז זי געווען גאָר אַ שיינע: אירע בלאָנדע האָר זענען אַריינגעפאַלן אין זונען־ליכט; אַ הויכע, מיט אַ געטאָקטן קערפּער, ווי עפּעס אַ מייסטער וואָלט אים אויסגעשניצט, בלויע אויגן און ליפּן ווי צייטיקע קאַרשן, נאָר איין אומגליק — שטום! אָט דאָס דאָזיקע אומגליק האָט ביי איר צוגעצויגן נאָך אַ גרעסער

אומגליק: דעמאָלט פאַר נאַכט, ווען שקצים האָבן זי פאַרנאַרט מיט שיטן איר פאַר די פיס קאַרמעלקעס מיט האָזענע ניס, און זי אַזוי געצויגן ביז הינטער דער בריק־אַרונטער. זי האָט זיך נעבעך געוואָרפן אין אַלע זייטן, אָבער שרייען האָט זי נישט געקאָנט. און אַז זיי האָבן זי אָפּגעלאָזט, איז זי אַהיימגעלאָפן צום פעטער מנשה אין פירהויז אַריין, ווו זי האָט געהאַט שטיין איר בעטל. אַהיימגעקומען איז זי אַ צעגראַטשעטע, אַ פאַרוויינטע, אָבער קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסלאָזן פון מויל. מ׳האָט זי אפשר געקאָנט חתונה מאַכן מיטן שווייגערס עלטסטן זון, וואָס האָט געהאַט אַ ביסל אַן אויסגעקרימטן קאָפּ, און געציטערט מיט דער רעכטער האַנט — אָבער אַזוי ווי מ׳האָט וועגן גוטשעלען אָנגעהויבן עפּעס צו ריידן... האָט אויך דער קאַליקע זי שוין נישט געוואָלט, און אַזוי איז זי געבליבן אַן אַלטע מויד, אַ נס כאָטש וואָס אָן אַ ממזר.

אַחוץ צו דער באָבע מירקע איז גוטשעלע צו קיינעם נישט געגאַנגען עפּעס בעטן. זי האָט ביי קיינעם גאָרנישט פאַרלאַנגט, אַפילו קיינעם אין די אויגן אַריין נישט געקוקט. נאָר אַז ס׳איז איר שוין געווען גענוג ביטער, איז זי אַריינגעקומען צו דער באָבע מירקע, אַוועקגעשטעלט זיך ביי דער טיר און אָנגעקוקט די באָבע מיט אירע בלויע אויגן. אירע אויגן זענען אַלע מאָל געווען טריב און אַזוי פיל אומעט איז געלעגן אין זיי. אַז די באָבע מירקע האָט אַ קוק געטאָן אויף גוטשעלעס אויגן, האָט זי שוין געוווּסט, צי זי איז הונגעריק, צי דער פעטער אירער האָט איר בעטל אַרויסגעשטעלט פון פירהייזל אויפן הויף אַרויף, צי זי דאַרף עפּעס אַן אַלט העמד אָנצוטאָן. באָבע מירקע האָט אַלע מאָל געהאַט פאַר איר צייט, גענוג געדולד זי צו פאַרשטיין, און קיין מאָל האָט זי די שטומע גוטשעלע נישט אַרויסגעלאָזט מיט ליידיקע הענט.

## באָבע מירקעס תעניתים

ווי קליין און דאַר זי איז געווען, אַזוי רירעוודיק האָט זי זיך באַוועגט. זי איז קיין מאָל נישט קראַנק געווען, און אַז ס׳האָט זיך אַ מאָל געמאַכט, אַז זי האָט זיך נישט געפילט מיט אַלעמען, האָט זי צו קיין דאָקטער נישט געוואָלט גיין.

— וואָס וועט מיר, אין מײַנע יאָרן דער דאָקטער העלפן? גאָט איז אַ פּאַטער, און אויב ס'וועט קומען אַ רפואה, וועט עס זײַן פון דעם וואָס לעבט אייביק!

אַנדערש איז אָבער געווען מיט אַנדערע. איז ווער פון אביונים קראַנק געוואָרן, האָט זי נישט גערוט. דעם קראַנקן האָט זי דערקוויקט מיט אירס אַ יאַיכל מיט לאָקשן. די לאָקשן זענען געווען פון בלויז אייער און דינע ווי פּאָדעם. צו קראַנקע, וואָס האָבן אַ ביסל געהוסט, האָט זי אַוועקגעטראָגן סלאָיִקלעך אײַנגעמאַכטס, אָבער ספּעציעל האָט זי דאָס אײַנגעמאַכטס גע־האַלטן פאַר קימפּעטאָרינס. צו יעדע מחלה האָט זי געהאַט אַ רפואה. איר רפואה איז געווען — אַ תענית. איז זי געגאַנגען אַ קראַנקן מבקר חולה זײַן, אָנגעווינטשן אַ רפואה שלמה — איז זי נישט אַוועקגעגאַנגען סתם אַזוי, נאָר פריִער אָפּגעפאַסט אַ מאָנטיק צי אַ דאָנערשטיק.

— דער דאָקטער גיט טאַקע מעדיצינען, אָבער אַ מחלל שבתניק איז ער פאָרט, און גאָט וועט זיך בעסער צוהערן צו דעם, וואָס דינט אים — פלעגט זי זאָגן.

ווען די באָבע מירקע איז געקומען אין דער זיקנה אַרײַן, האָבן די קינדער און אייניקלעך אָנגעהויבן מיט איר אײַנטענהן זי זאָל אַ ביסל אָפּלאָזן פון אירע צוויי מנהגים: צו גיין יעדן דאָנערשטיק אין די קעלטן צוזאַמענ־נעמען פאַר אָרעמע־לײַט אויף שבת און אויפהערן פאַסטן. שווער איז געווען זי אָפּצוריידן פון גיין קלייבן פאַר אביונים נדבות, אָבער נאָך שווערער איז געווען איר אָפּצוריידן אַדורכצולאָזן אַ תענית. פון די אַלע יִידישע תעניתים האָט באָבע מירקע קיין איינעם נישט אַדורכגעלאָזט. אָבער אַפילו פון אירע אייגענע תעניתים האָט זי אויך נישט געוואָלט מוותר זײַן. דאָס שווערסטע איז פאַר איר געווען דער דאָנערשטיק: אי זי פאַסט, אי זי גייט איבער די הײַזער מיט דער פּושקע. די עלטסטע טאָכטער, לאה, האָט זי געבעטן:

— מאַמע, נעם עפּעס אין מויל אַרײַן, בייס עפּעס איבער!

ס'האָט נישט געהאָלפן.

איז צוגעגאַנגען דער פעטער ראובן און געזאָגט צו איר:

— מירקע! — העוסק במצווה פטור ממצווה — אַז דו טוסט אַ מצווה, דו גייסט מיט דער פּושקע אין אַזעלכע קעלטן — די גרויסע מצווה פון

צדקה, ביסטו דאָך זיכער פּטור פון דיין אייגענעם תענית. טאָפּלט פאַר־לאַנגט מען דאָך אין הימל פון דיר נישט...

—נישקשה, נישקשה, גאָט וועט מיך שטאַרקן.

און זי האָט ווייטער געטאָן דאָס איריקע. איז ווער אין דער משפחה קראַנק געוואָרן, האָט זי צוגעגעבן נאָך אַ תענית צו אירע תעניתים, און בכלל האָט זי געהאַלטן, אַז מיט אַ תענית קאָן מען אַ סך אויפטאָן. ווען ס'האָט ווער געוואָלט דאָס אָפּלייקענען, האָט זי געהאָט דעם בעסטן באַווייז:

— נו, וואָזשע וואָלט געווען, ווען מרדכי הצדיק און אסתר המלכה פאַסטן נישט דריי טעג בייזאַמען? וואָלט דען אין שושן הבירה איבערגעבליבן איין לעבעדיקער ייִד?

אַז די באָבע מירקע איז שוין געווען אין טיפן עלטער, איז אַ מאָל קראַנק געוואָרן אירס אַן אוראייניקל. דער דאָקטער האָט געוואָרנט וועגן דער גרויסער געפאַר פון חולה און באַפוילן מען זאָל פּינקטלעך געבן דעם קינד די מעדיצינען. באָבע מירקע הערנדיק, אַז עס האַלט ביי אַ סכנה, האָט באַלד צוגעגעבן אירס אַן אייגענע מעדיצין — אַן עקסטראַ תענית, און צוגעזאָגט דעם, וואָס לעבט אייביק, אַז ווען דאָס קינד וועט געזונט ווערן, וועט זי צוגעבן נאָך אַ פּאָר תעניתים. און גאָט האָט געהאָלפן, און די באָבע מירקע איז דעם רבונו של עולם, חלילה, גאָרנישט שולדיק געבליבן.

## שלמהלע

געבליבן איז די באָבע מירקע מיט אַן איינציקן זון, שלמהלע האָט מען אים גערופן. ער איז געווען אַ דאַרער, מיט אַ בלייך פּנים, אַלע יאָרן האָט ער צוגעקרעכצט און שטאַרק געהוסט. ער האָט געלערנט אין בית־מדרש. באָבע מירקע האָט אים צוגעהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ, אָבער דעם הוסט האָט מען מיט קיין שום קרייטעכצער און מיט קיין שום קמיע פון אים נישט געקאָנט אַוועקטרייבן. צום סוף, ווען דער הוסט האָט אים גענומען שטיקן און ער האָט זיך אַלע מאָל פאַרכלינעט, האָט באָבע מירקע דאָך געפועלט ביי זיך, אַוועקצופירן אים צו אַ גרויסן דאָקטער. דער דאָקטער האָט אים באַטאַפּט, באַהאָרכט און שפּעטער האָט ער אַ דריי געטאָן מיט דער נאָז, ווי איינער זאָגט — אַ שאָד יעדער גראָשן!

אָבער באָבע מירקע איז נישט געוואָרן פאַרצווייפלט. זי האָט גענומען דעם זון אין איר האַנט אַריין און צו להכעיס די דאָקטוירים האָט זי אים געפּילנעוועט, ער זאָל קומען צו זיך: אין דער פרי — אַ פריש גלעזל מילך מיט האָניק, דערנאָך האָט זי אים געמאַכט אַ „גאָגל מאָגל״, צעריבענע געלכלעך מיט פּוטער און צוקער. שפּעטער — אַ שטיקל איינגעקאָכט שעפּסן־פלייש, אָדער אַ פעט הינדל. אַזוי האָט זי אים געפּילנעוועט מיטן עסן, און ער האָט געמוזט עסן!

— שלמהלע, עס! טו דאָס פאַר מיר און עס אויף דאָס פּולקעלע! וועסט קאָנען בענטשן ואכלת ושבעת...

אַז שלמהלע איז אונטערגעוואַקסן האָט זי זיך נישט פאַרגונען צו קוקן אויף אים. די פאות האָט ער שוין געהאַט פאַרוויקלט אונטער די אויערן. אונטער דער נאָז האָט ביי אים גענומען שפּראָצן געדיכטע וואָנצעלעך. זיינע שמאָלע פּלייצעס האָבן גענומען אַ ביסעלע ברייטער ווערן און זי האָט גע־קוואָלן פאַר נחת. אָבער איין זאַך האָט זי באַאומרויקט — וואָס שלמהלען האָט געצויגן צו ווילדע שטיק. ער האָט ליב געהאַט צו כאַפּן ביי לייביש בעל־עגלה די בייטש און אַרומיאָגן די ציגן אין מאַרק, צי יאָגן זיך מיט יינגלעך און צו באַהאַלטן די ציצית אין די הויזן אַריין. באָבע מירקע דער־מאָנט זיך, אַז ווען זי האָט נאָך געטראָגן מיט שלמהלען, האָט זי שוין געהאַט גרויסע צרות. אַלע אין שטעטל האָבן איר אָנגעזאָגט, אַז ס׳וועט זיין אַ מיידל. אַז זי האָט דאָס דערהערט, האָט זי אויסגעשפּיגן דריי מאָל, אַריינגעלאָפן אין דער לייטיקער ווייבער־שול אַריין און געזאָגט אַ תּפילה — קיינעם האָט זי די תּפילה נישט געוואָלט אויסזאָגן — אַז גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען און ס׳זאָל טאַקע געבוירן ווערן אַ יינגל. און וואָס מער זי איז געווען זיכער, אַז ס׳וועט געבוירן ווערן אַ יינגל, ווייל, אָט איז דער בויך שפּיציק, אָט שפּרינגט עס, אָט בריקעט עס, האָבן זיך ווייבער געשושקעט:

— העט, קאָן דען דאָס מעגלעך זיין, אַז אַזאַ פּיצעלע יידענע זאָל געבוירן אַ יינגל?

און דער סוף איז געווען, ווי זי, די באָבע מירקע האָט זיך אויסגע־בעטן — אַ יינגל!

שלמהלע איז געפאַלן אויף דער וועלט ווי אַ ירא־שמים, וואָס האַלט אין מיטן שמונה־עשרה: נישט קיין ריר זיך געטאָן און נישט קיין פּיפּס

געגעבן. מ׳האָט אים געמוזט מינטערן, פּאַטשן אין הינטנדל אַריין, וואַרפן אין דער הויך. מ׳האָט אַוועקגעשטעלט צוויי באַליעס, אין איינער קאַלט און אין דער אַנדערער וואַרעם וואַסער און אים געטונקט פון איין באַליע אין דער צווייטער, געריבן די שלייפן מיט אַ שטיקל ציטרין — ביז ער האָט אַרויסגעלאָזט דאָס ערשטע געוויין. און אַז ער האָט זיך גוט אויסגעוויינט, האָט ער אָנגענומען די ברוסט, און זי נישט געוואָלט אָפּלאָזן — אַזוי הונגעריק איז ער געווען!

זינט שלמהלע איז געבוירן געוואָרן, האָט באָבע מירקע באַקומען אין זיך אַן אַנדערן חיות. זי האָט געוווסט, אַז מיט איין זאַך איז זי זיכער — זי האָט אַ זון!

ווי נאָר אַ קינדער־קראַנקייט — מאַזלען, ענגלישע־קרענק, ווינט־פּאָקן, אַ געשוואָלן בייכל, אָנגעצונדענע מאַנדלען — האָט דאָס יינגל געכאַפּט. אָבער אירע הענט האָבן אים פון אַלעם שלעכטן אַרויסגענומען. דאָ האָט זי זיך געפּרעגט אַ רופא און דאָ — סתם אַן אַלטן פויער פון דאָרף, וואָס ווייסט פון אַלע גוטע מיטלען. אָפט פלעגט זי אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע, אָבער ווען ס׳האָט זיך געמאַכט גאָר שלעכט, ס׳קינד האָט געקראַגן הויכן פיבער, נישט געוואָלט עפענען די אייגעלעך — האָט באָבע מירקע אָפּגעפּאַסט אַ צוויי־דריי תעניתים, און ס׳איז בעסער געוואָרן!

ווען ס׳האָט זיך געמאַכט אַ שלאָפקייט ביי יענעם, איז זי געווען מער בריה. קודם־כל האָט זי נישט אַזוי געציטערט, ווי ביי שלמהלעס בעטל, ווען ער איז קראַנק געווען. באָבע מירקע האָט געוווסט צו טאַפּן דעם דופק, צולייגן די האַנט אויפן שטערן, מעסטן די היץ. זי האָט געוווסט זיך אויסצו־פרעגן, וואָס ס׳הערט זיך מיטן בייכל, וואָס מ׳דאַרף געבן עסן, ווען מ׳דאַרף געבן אַ סך צו טרינקען, און ווען נאָר, אַ גלאָז רומיאַניק, סאַרע קרייטעכצער, שמירעכצער, און ווען מ׳מוז שטעלן פּיאַווקעס...

ווען שלמהלע איז שוין געווען אַ שפּאָרער בחור, האָט זי נייטיק געדאַרפט ער זאָל איר אַ ביסל צוהעלפן, ער זאָל איר טראָגן די פּעק סחורה אויפן מאַרק, ער זאָל אַרומגיין מיט איר מיט צוויי קיישלעך העלפן פּאַרקויפן אין די הייזער, אָבער קיין מאָל האָט זי נישט געקאָנט פועלן ביי זיך, אַז זי זאָל שלמהלען אַריינציִען אין מסחר. שלמהלע דאַרף זיצן על התורה ועל העבודה. יעדעס שטיקל תורה, וואָס ער לערנט, יעדער פּסוק פון די הייליקע ספרים,

וואָס ער רעדט אַרויס, יעדער בלאַט גמרא, וואָס ער זינגט אויס מיט אַ ניגון, איז מער ווערט, ווי די אַלע קוישן מיט גאַלאַנטעריע, וואָס זי פּאַרמאָגט און דעם גאַנצן פּדיון, וואָס זי לייזט אָפּ אויפן מאַרק. ניין, ווי זי וועט קאָנען, וועט זי זיך אַן עצה געבן, אָבער צונעמען שלמהלען פון בית־מדרש, אַפילו אויף איין שעה — דאָס נישט!

אַז שלמהלע איז עלטער געוואָרן האָט ער אָנגעהויבן, אונטער דער מאַמעס וויסן, צו לייענען טריפהנע ביכלעך, וואָס ער האָט זיך פאַרשאַפט פון דרויסן, מחוצן בית־מדרש. די ביכלעך האָבן אים אַוועקגעפירט אין אַן אַנדערער וועלט אַריין.

איין מאָל, ווינטערצייט האָט זיך אים פאַרגלוסט אַרויפצוכאַפּן אויף אַ שליטעלע, וואָס איז געפאָרן איבער דער גאַס, פול מיט פריילעכע יינגלעך און מיידלעך פון זיין געסל און פון זיין עלטער. שלמהלע איז נאָכגעלאָפן דעם שליטעלע. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, זיך געוואָלט אָנכאַפּן ביי דער קלאָניצע, ביים דרענגל פון שליטעלע, אָבער ער האָט זיך געגעבן אַ גליטש־אויס און געפאַלן אויפן פנים. ער איז אַהיימגעקומען אַ צעביילטער מיט אַ געשוואָלענער נאָז און מ׳האָט אים אַ גאַנצע נאַכט געמוזט לייגן קאַלטע קאָמפרעסן מיט עסיק אויפן פנים. באָבע מירקע האָט געוווסט, אַז דאָס איז אַ שטראָף פון הימל, פאַר מבטל זיין דאָס תורה לערנען. אָבער איבערחזרן דאָס פאַר שלמהלען, האָט זי נישט געוואָלט.

באָבע מירקע האָט געמיינט, אַז ער וועט זיך שוין אָפּהאַלטן פון אַזעלכע שטיק און מער נישט לויפן נאָך קלינגענדיקע שליטלעך, איינגעשפּאַנטע אין פלינקע פערדלעך. אָבער וואָס האָט זיך אַרויסגעוויזן? פּונקט פאַר־קערט: דער חשק זיך צו גליטשן אויפן אייז, אָדער זיך אַרויפצוכאַפּן אויף אַ שליטעלע, איז גאָר ביי אים געוואָרן גרעסער. די באָבע מירקע האָט געטאָן וואָס זי האָט געקאָנט, גערעדט צו אים, ער זאָל אָפּהיטן ס׳געזונט. געקויפט אים אַ פּאָר נייע שטיוועלעך און געבעטן ער זאָל זיי שוינען, נישט קיין תל מאַכן אויפן אייז. אַזוי האָט זי אין אים אַריינגערעדט אַ האַלבן ווינטער און צום סוף, ווען דער הוסט האָט אים ווידער גענומען טאַטשען, ס׳פּנים איז רויט געוואָרן און ס׳האָט אים אויסגעפּעלט לופט — האָט ער אָפּגעלאָזט די שליטלעך, געכאַפּט די גמרא, אַריין אין וואַרעמען בית־מדרש און זיך צוריק אַוועקגעזעצט לערנען.

## באָבע מירקעס אייניקלעך

ביי אַלע קהלישע פליכטן, וואָס זי האָט געטראָגן אויף זיך, איז זי אָבער געבליבן אַ געטרייע באָבע צו אירע אייניקלעך און אוראייניקלעך. אויפן ווינטער האָט זי אויסגעשטריקט פאַר די מיידלעך לאַנגע וואָלענע זאָקן, וואָלענע הענטשקעלעך, און פאַר די יינגלעך — שאַליקעס, און צו בר־מצווה — אַ תּפילין־זעקעלע. די מיידלעך זענען געוואַקסן ווי אויף הייוון, חתונה געהאַט, באַקומען לייטישע מענער פון אַנדערע שטעט, באַוואָרפן געוואָרן מיט אייגענע זאָרגן, געהאַט קינדער אין די חדרים, שוין כמעט פאַרגעסן אינעם שטעטל, אָבער די אייניקלעך, צו וועלכער ס׳האָט זיי געצויגן, איז געווען די באָבע מירקע. צו דער באָבע מירקע האָט מען געשיקט גרוסן. אויף איר האָט מען זיך אויסגעפרעגט יעדן, וואָס איז געקומען פון שטעטל און פאַר דער באָבען איז מען געווען גרייט אַלץ צו טאָן, אַפילן צו לויפן צו איר צו פוס.

אַלע האָבן געשריבן בריוו צו דער באָבע מירקען, אָבער זי האָט נישט געהאַלטן פון שרייבן בריוו. מ׳האָט קיין מאָל נישט געקאָנט וויסן, צי זי שרייבט נישט קיין בריוו, מחמת זי איז נישט אַזאַ גרויסע שרייבערין, אָדער מחמת דעם, וואָס זי האַלט בכלל נישט פון דער פּאָטשט.

באָבע מירקע האָט די בריוולעך אַדורכגעלייענט, און אָפּגעענטפערט האָט זי, מיט אַ שליחות: מיטן שווייגער, וואָס איז געפאָרן אין שטאָט אַריין, מיטן פּאָדרייטשיק, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט פון איין שטעטל אין צווייטן, אָבער שרייבן בריוו, אַן אַדרעס אויף רוסיש, גיין זוכן אַ פּאָטשט־מאַרקע — פון דעם האָט זי נישט געהאַלטן. אַחוץ דעם פלעגט זי זאָגן:

— וואָס טויג מיר דאָס, וואָס מ׳שמירט אָן אויף אַ בלעטל פּאַפּיר? וואָס מ׳הערט נישט מיט די אייגענע אויערן, גייט סיי ווי נישט אַריין אין האַרצן...

## באָבע מירקעס פּאָוסטאַניע־מעשׂהלעך

מער ווי אַלץ האָט באָבע מירקע ליב געהאַט צו דערציילן מעשׂהלעך. ווינטער, ווען די פרעסט האָבן געבריט, אַלץ אַרום איז געווען פאַרקאָוועט

מיט פראָסט, און פון דרויסן האָט די קעלט זיך געריסן אין יעדער שפּאַ־רונע — האָט זי אַנגעגאָסן אַ פולע לאָמפּ נאַפּט, אַרויפגעדרייט די קנויט פון דער בליצלאָמפּ, אָוועקגעשטעלט זיך ביי דער גלאַטיקער וואַנט פונעם קאַפּ־לאַנעם אויוון, אויסגעגלייכט די פלייצע און אָנגעהויבן דערציילן פאַדראַבנע, באַטעמט, ווי זיסע מאַנדלען וואָלטן זיך אַרויסגעשיילט פון איר מויל.

די שטוב איז געוואָרן וואָס אַ מאָל פולער. אַריינגעקומען איז אַ מומע, אַ פעטער, שכנים, ווייבער. אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט אַרומען אויוון. באָבע מירקע האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: „שאַ״! און אָנגעהויבן דערציילן.

ווי נאָר די באָבע מירקע האָט גענומען ריידן, איז געוואָרן שטיל. אַפילו אַ הדרת־פּנימדיקער ייִד פון דער משפחה האָט נישט געוואַגט אַ פּיפּס צו טאָן, ווען די באָבע האָט גערעדט.

אירע מעשות זענען געווען גאָר אַנדערע: זי האָט נישט דערציילט נישט וועגן קיין שדים און רוחות, נישט וועגן נסים פון רביים און אויך נישט וועגן גן־עדן אָדער וועגן די רשעים וואָס מ׳פּרעגלט אין פעסער סמאָלע אין גיהנום — דערציילט האָט די באָבע מירקע פון דעם, וואָס זי האָט אַליין אַדורכגעלעבט. שטענדיק פריש אין זכרון איז ביי איר געווען דער גרויסער נס מיט שלמהלען, אין די צייטן פון דער פּוילישער פּאָווסטאַניע.

— איר אַלע דאָ — האָט זי אָנגעהויבן — זענט נאָך דעמאָלט אויף דער וועלט נישט געווען — ווען די פּאָליאַקן האָבן מורד במלכות געווען און זיך פאַרנומען אַרויסצוטרייבן פון פּוילן דעם צאַר־באַטיושקאַ.

געקיניגט האָט דעמאָלט אַלעקסאַנדער דער צווייטער. מ׳האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ סך אַ בעסערער, ווי זיין פאָטער ניקאָלאַי דער ערשטער איז געווען. אָבער ווי נאָר ער איז אַרויף אויפן טראָן, האָט ער גענומען רודפן די פּאָליאַקן פון זיין מלוכה. צו להכעיס האָבן די פּאָליאַקן, נאָך אפשר דריי יאָר פאַר דער פּאָווסטאַניע, געמאַכט גרויסע דעמאָנסטראַציעס אין וואַרשע.

דער קייסער האָט געגעבן אַ פּריקאַז, מען זאָל די בונטאָווטשיקעס אָפּ־לערנען. די קאָזאַקן זענען אַריין מיט די ווילדע פערד אין המון, געהאַקט קעפּ מיט זייערע שווערדן און דעם המון פונאַנדערגעטריבן. דער צאַר האָט געגעבן אַ פּריקאַז, אַז מען זאָל צונעמען אין רוסישן מיליטער אַריין די פּוילישע יונגע־לייט, וואָס ווערן 21 יאָר אַלט. דאָס האָט נאָך מער צערייצט

די פּאָליאַקן און זיי האָבן געמאַכט אַן אויפשטאַנד. אין ווינטער 1863 איז אויסגעבראָכן די פּוילישע פּאָווסטאַניע.

צו ערשט זענען טויזנטער יונגע פּאָליאַקן אַוועק אין די וועלדער און פון דאָרט געפירט אַ מלחמה קעגן די מאָסקאַלעס. דערנאָך האָבן זיי אָרגאַניזירט אַ גאַנצע אַרמיי און אַרויס קעגן די קאָזאַקן. וואָס האָט געטאָן דער רוסישער קייסער? ער האָט געמאַכט אַ הסכם מיט פּרייסן. ביסמאַרק האָט צוגעזאָגט אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, אַז ער וועט נישט טשעפּען זיינע מערב־גרענעצן, כל זמן ער וועט נישט אַנידערזעצן די פּאָליאַקן. און ווי נאָר דער קייסער האָט באַקומען דעם צוזאָג האָט ער אַראָפּגענומען די פּאָלקן פון דער פּרייסישער גרענעץ און אַריינגעשיקט קיין פּוילן אַן אַרמיי קאָזאַקן. די קאָזאַקן האָבן געשפּאָלטן קעפּ, געשאָסן, וועמען פון די פּאָווסטאַניע־אָנפירער זיי האָבן געכאַפּט, האָבן זיי אויפגעהאָנגען אויף ביימער. טייל מאָל זענען אויף טאָפּאָלעס הינטער דער שטאָט געווען אויפגעהאָנגען גאַנצע שערענגעס פּוילישע פּאָווסטאַנטשיקעס. אָבער די פּאָליאַקן האָבן געקעמפט פּאַרביסן. זיי האָבן געמאַכט אַ פּוילישע אַרמיי און די אַרמיי איז געווען באַוואָפנט מיט שפּיזן, שווערדן און ביקסן. אומעטום, ווו נאָר ס'איז געווען אַזאַ אַרמיי, זענען די גרעסטע אָפיצירן געווען די פּוילישע פּריצים. אין די פּריצישע הייף האָבן זיך אויפגעהאַלטן גאַנצע ראָטעס פּויליש מיליטער. פון דאָרטן האָט מען אַרויסגעשיקט מענטשן צום קאַמף. צום מיינסטן זענען זיי אַדורכגעגאַנגען דורכן שטעטל פּאַר טאָג. זיי האָבן אויפגעוועקט מיט זייער זינגען „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינעלאַ”. אַלע זענען געשטאַנען אויף די טראָטואַרן. אַלטע גוים האָבן געהאַט טרערן אין די אויגן און די רוסישע סטראַזשניקעס האָבן זיך באַהאַלטן אין די לעכער.

אָבער נישט בלויז פּאָליאַקן, אויך אַ סך ייִדן זענען צוגעשטאַנען צו דער פּוילישער פּאָווסטאַניע. אָט האָב איך געקענט יאָסעלע דעם גלעזער. ער איז מיט זיי צוזאַמען געגאַנגען אין איין שערענגע. צוזאַמען געטרונקען בראָנפן. ער האָט געטראָגן אַ פּוילישן מונדיר מיט אַ פּירעקנדיק היטל. אים האָבן די פּאָליאַקן געגעבן צו טראָגן די פּוילישע פּאָן מיטן ווייסן איינקעפּיקן אָדלער. ער איז מיט זיי געגאַנגען אין פייער אַריין.

ביי אונדז אין שטעטל זענען די פּאָווסטאַנטשיקעס געווען ווי היימישע. אָבער איין מאָל פּאַר נאַכט האָבן זיך די קאָזאַקן אַריינגעריסן אין שטעטל

אַריין. ווען זיי האָבן געטראָפן, האָבן זיי צעשניטן דאָס לייב מיט די נאַהייקעס. זיי האָבן זיך איזדעקעוועט איבער יונג און אַלט, איבער גוי און ייִד. אַ בהלה איז אויסגעבראָכן, די קאָזאַקן, זעענדיק אַז די געסלעך זענען ליידיק, האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אין שטובן, געשלאָגן, געהרגעט, גערויבט און מאַנס געווען יונגע ווייבלעך. איך האָב זיך קוים דערוואַרט די נאַכט זאָל צופאַלן, געכאַפּט שלמהלען, ער איז נאָך געווען אַ קליינטשיקער, און געלאָפן זיך מיט אים באַהאַלטן אויפן בית־עולם צווישן די קברים און מצבות. דאָרט זענען מיר געלעגן אַ טאָג מיט צוויי נעכט, און ווען די כמאַרע איז אַוועק, זענען מיר אַרויס פון באַהעלטעניש. מיר זענען אַריינגעקומען אין שטוב און געטראָפן אַלץ איבערגעדרייט. דאָס איבערבעט איז געווען אַדורכגעשטאָכן מיט פּיקעס און שווערדן, פון די סלאָיִקעס איינגעמאַכטס איז נישט איבערגעבליבן קיין לעק. נאָך אַ נס, וואָס די לייכטער און דאָס צירונג איז געווען באַהאַלטן אין קעלער.

באָבע מירקע האָט זיך אַ ביסל אָפּגערוט, געכאַפּט אַ שלוק טיי און ווייטער דערציילט:

— איין מאָל איז נישט ווייט פון שטעטל פאָרגעקומען אַ שווערע שלאַכט צווישן די פּאָוסטאַנטשיקעס און די קאָזאַקן. די פּאָליאַקן האָבן זיך אויסגעלייגט אויף דער ערד, אַרום די ברעגעס פון אַ זאַגייניק, און געשאָסן צו די קאָזאַקן. אַ סך קאָזאַקן זענען אַראָפּגעפאַלן פון די פערד, אָבער באַלד האָבן זיי גענומען ווילד שרייען „הוראַ!״ און זיך אַ לאָז געטאָן אין גאַלאָפּ פונעם באַרג אַראָפּ. די קאָזאַקן זענען אַריינגעפלויגן אין זיי מיט די פלינקע פערדלעך, מיט די בלאַנקע שווערדן אין די הענט. וואָס דאָרטן האָט זיך אָפּגעטאָן! אָפּגעהאַקטע קעפּ, הענט, פערד מיט אָפּענע בייכער — אַלץ איז געווען אויסגעמישט. דערנאָך, ווען די קאָזאַקן האָבן געקראָגן אַ פאַרשטאַרקונג און פאַרנומען אַרום די דערפער מיט די פריצישע הייפן, האָבן זיי געמאַכט אַ בלוטבאָד. ווען זיי האָבן געטראָפן, האָבן זיי נישט אַרויסגעלאָזט קיין לעבעדיקן פון זייערע הענט.

די סטראַזשניקעס האָבן זיך ווידער באַוויזן אין שטעטל. זיי זענען אַרומגעגאַנגען ביי נאַכט מיט די קאָזאַקן. אַרויסגענומען פּאָליאַקן פון די בעטן און אַוועקגעשיקט קיין סיביר אויף קאַטאָרגע־אַרבעט. דערנאָך האָבן די רוסן מבטל געמאַכט די פּוילישע מאַגיסטראַטן. מען האָט מער נישט

געטאָרט ריידן פּויליש אין אַ קאַזיאָנע קאַנצעלאַריע, די אָפיציעלע שפּראַך איז געוואָרן רוסיש, און בײַ די פּריצים, וואָס האָבן געשטיצט דעם אויפֿשטאַנד, האָבן די רוסן צוגענומען די ערד און צעטיילט זי די פּויערים.

## דער רויטער האָן קרייעט דער ערשטער...

פּלוצעם, אין חודש ניסן, ווען מ'האָט באַדאַרפט אַרײַנצונעמען דעם יום־טוב אין שטוב אַרײַן, האָט די באָבע מירקע אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך:

— עס לוינט נישט!...

מ'האָט זי גענומען איבערפרעגן, אָבער קיין סך האָט מען פון איר נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען. זי האָט גערעדט פאַרשטעלט:

— דער רויטער האָן קרייעט אַלע טאָג דער ערשטער... ס'גייען שוואַרצע וואָלקנס און די טײַכן וועלן רויט ווערן...

דערנאָך האָט מען באַמערקט ווי באָבע מירקע האָט זיך אונטערגעגעבן דעם דרוק פון דער טבע. זי האָט אויפגעהערט צו פאַסטן, נישט מער גע־גאַנגען קלײַבן נדבות, אַפילו מיט די אייניקלעך זיך נישט מער אינטערע־סירט. זי האָט זיך אָוועקגעלייגט אין בעט אַרײַן און געוואַרט אויף עפּעס. געהייסן, מ'זאָל איר געבן צו וואַשן די הענט און מ'זאָל מיט איר ווידוי זאָגן. זי האָט צונויפגערופן די אַלטע ווײַבער און געפרעגט אויב אַלץ איז אָנגעגרייט. דערנאָך האָט זי זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט און אײַנגעשלאָפן.

דער פעטער ראובן, וואָס איז געווען דערבײַ, האָט אַרויסגעוויזן התפעלות.

— זי איז געווען אַ צדיקת, זי איז נסתלק געוואָרן בנשיקה...

ערשט תשעה־באָב, ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, האָט מען פאַרשטאַנען דער באָבע מירקעס רייד — וואָס זי האָט געמיינט מיטן קרייען פון רויטן האָן, מיט די שוואַרצע וואָלקנס. פאַר איר איבערצולעבן אַ מלחמה, איז שוין געווען צו פיל.

אַ סך אַלטע ווײַבער האָבן זי מקנא געווען, ווײַל מ'האָט געוווּסט, אַז באָבע מירקע האָט נישט געדאַרפט אָפּקומען קיין חיבוט הקבר — זי איז גלײַך אַרײַן אין גן־עדן.

לאַנג, זייער לאַנג, האָט מען אין שטעטל נישט אויפגעהערט צו ריידן וועגן דער באָבע מירקע, די חכמה און גרויסע צדיקת.

## מיין זיידנס מלווה־מלכּהס

מיין זיידע שמואל־לייב איז שוין געווען אויף דער עלטער — אַ זיבעציקער, אָבער געזונט און קרעפטיק ווי אַ דעמב.

די קינדער האָט ער שוין געהאַט אויסגעגעבן און געבליבן אין הויז איז ער בלויז מיט דער באָבע.

אַ ברייטפּלייציקער, מיט אַ ביינערדיק פּנים, באַוואַקסן מיט אַ לאַנגער באָרד און געדיכטע וואָנצעס, אין וועלכע ס'האָבן זיך אַריינגעריסן גרויע פּאַסמעס האָר — איז ער נאָך געגאַנגען גלייך ווי אַ ווירע, דערקענט פון וייטנס אַ מענטש און דאָס געהער האָט אים גוט געדינט.

אַז מ'האָט זיך צו אים גוט צוגעקוקט, האָט מען פאַרשטאַנען, אַז אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אַ ריז. ער איז אויסגעוואַקסן אויף דער שטילער נאַטור צווישן שטעטל און דאָרף, צווישן לאָנקעס און וועלדער. אַ סך יאָרן האָט ער געהאַנדלט מיט וועלדער און ער איז געווען אין וואַלד, אַכטונג געגעבן אויף די פּויערים, וואָס האָבן געשניטן דיביימער און געפירט דאָס געהילץ צום בוג.

געפאָרן אין וואַלד אַריין איז דער זיידע אין אַ בריטשקע מיט צוויי קאַשטאַנעס — פערד פון איין פאַרב און אַ סטאַנגרעט, ווי עס פאָרן פּריצים.

אַז דער זיידע איז געקומען אין וואַלד אַריין, איז די אַרבעט שוין גע־גאַנגען אויף דער גאַנצער פּאַרע. ער האָט זיך אַרומגעקוקט וויפל קלעצער עס זענען דאָ, וויפל „פערטלעך" האָלץ, עס שטייען. ער איז אַרומגעלאָפן צווישן די ביימער, געקוקט, פאַרשריבן ביי זיך אין ביכל און זיך צוריק־געקערט צו די האָלץ־העקער.

דער זיידע האָט זיך נישט געהאַלטן גרויס. ער האָט זיך גוט פאַרטראָגן מיט די האָלץ־העקער און גערעדט מיט זיי ווי מיט גלייכע. טייל מאָל פלעגט ער זיי מיטברענגען אַ פּעקל מאַכאָרקע מיט „ביבולע" צום רייכערן, און אין אַ פראָסט — אויך אַ גרויס פלעשל בראָנפן.

דער זיידע שמואל־לייב האָט אויך ליב געהאַט צו טאָן עפּעס מיט די אייגענע הענט, און אַז ס'האָט געטראָפן אַ שווערער קלאָץ, וואָס מ'האָט אים נישט געקאָנט רירן פון אָרט, האָט ער צוגעלייגטביידע הענט, און דער קלאָץ איז באַלד אַרויף אויפן וואָגן...

אַז דער זיידע איז אַוועקגעפאָרן, האָבן די וואַלד־העקער זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען און פאַררייכערט מאַכאָרקע:

— אָט וואָס פאַר אַ ייִד, וואָס פאַר אַ כוח דאָס האָט! מיר דריי פון איין זייט, און ער איינער, פון דער צווייטער — און ער האָט אויסגעהאַלטן, דעם קלאָץ אַ וואָרף־אַרויף געגעבן ווי אַ שפּענדל — האָבן די וואַלד־העקער גערעדט.

— ער איז שטאַרק ווי צען אָקסן — האָט איינער געזאָגט.

— וואָס פאַר אַ וווּנדער? אַז ער עסט ווייסע חלה און געבראָטענע גענדז...

— און זעסט דאָך, אַז אַזאַ איינעם האָט מען נישט גענומען פאַר אַ סאָלדאַט.

— ווייל ניקאָלאַי וויל נישט קיין ייִדישע זעלנער.

— ווער זאָגט, אַז ער וויל נישט? און מאָשעק איז נישט געווען אַ ניקאָ־לאַיעווסקער סאָלדאַט? און אַבראַם קראַוויעץ האָט נישט אָפּגעדינט די גאַנצע סלוזשבע?

— פאַר וואָס דען?

— ווייל ער איז אַ גרויסער „קופּיעץ", האָט מען אים נישט גענומען...

— פּראַוודאַ! ריכטיק — האָט זיך אָנגערופן אַנטאָן דער עלטערער — די גרויסע קופּצעס באַפרייט מען, און די פּויערים נעמט מען אויף 25 יאָר סלוזשבע און מ'שיקט זיי אַוועק קיין כאַרבין.

*

דער זיידע האָט ליב געהאַט רחבות. דאָס שטיק לעבן, וואָס ער האָט פאַרברענגט אין זיינע וועלדער און זיך אַרומגעדרייט אין פּריצישע פּאַלאַצן האָט אין אים איינגעפּלאַנצט אַ גבירישע ברייטקייט. אין זיין הויז זענען געווען צוויי גרויסע שטובן, וואָס האָבן געקאָנט אַריינגעמען אַ סך געסט ביים פּראַוועז אין זיי שמחות. דאָס הויז איז געווען אַ הילצערנס, אָבער מאַסיוו געבויט מיט גאַניקלעך און מיט אַ פּיר־שטיבל פון דער קיך אין

הויף אַריין. אויך אַן אייגענער ברונעם מיט אַ לאַנגן שעפּער איז געווען אויפן הייפל. אין די שטובן זענען געשטאַנען דעמבענע שענק און שווערע טישן מיט גראַבגעשניצטע פיס. קאַכל־אויוונס מיט גרויסע געזימסן האָבן ווינטערצייט געוואַרעמט דאָס הויז.

אַ מאָל איז דאָרט געווען אַ פּחד ביי נאַכט אַדורכצוגיין, אָבער דער זיידע שמואל־לייב האָט אין די יונגע יאָרן נישט געוווסט פון קיין פּחד, און ער איז געגאַנגען ווּינען אין עק שטאָט. אַ לאַנגע צייט איז דער זיידע דאָרט געווען דער איינציקער ייִד, ערשט מיט יאָרן שפּעטער איז דעם זיידנס הויז אַרומגערינגלט געוואָרן מיט ייִדישע שכנים.

אַפילו אויף די עלטערע יאָרן האָט דער זיידע נאָך אַלץ נישט געקענט אַרומגיין ליידיק. אַזעלכע גרויסע געשעפטן, ווי אַ מאָל, מיט קויפן וועלדער און זיי לאָזן האַקן, האָט ער טאַקע נישט געפירט, אָבער געהילץ קיין דאַנציק האָט ער נאָך אַלץ געשיקט.

פון זינט דער זיידע האָט אויפגעהערט פאָרן אין וואַלד אַריין ביים האַקן האָלץ, האָט ער מער פאַרברענגט אין בית־מדרש ביים זאָגן תהילים און אין גערער שטיבל — ביים לערנען דעם „דף־יומי״.

אין אָוונט פלעגט ער שטענדיק גיין אין גערער שטיבל אַריין מיט אַ לאַמטערנע אין דער האַנט. די לאַמטערנע האָט ער אָפּגעהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. דאָס גערער שטיבל איז געווען אין אַ גאַס, אַ באַוווינטע פון אַ סך גויִים. פון יעדן גוייִשן הויז איז אַרויסגעלאָפן אַ הינט, געבילט, געריסן זיך צום זיידנס קאַפּאָטע, אָבער קיין שלעכטס האָט דעם זיידן אויפן וועג אין שטיבל אַריין קיין מאָל נישט געטראָפן.

ער האָט געהאַט אַ טבע זיך צו פאַראינטערעסירן מיט די מענטשן פון שטעטל. צו אויפגעקומענע גבירים האָט ער קיין מאָל נישט געשמייכלט, אָבער אַז ער האָט געהערט, אַז פון אַ גביר ווערט אַ יורד, האָט ער אים נישט געלאָזט פאַלן.

אַזוי האָט געטראָפן ווען דער זיידע האָט זיך דערוווסט, אַז שייעלע נגיד האַלט־אויף שוין צוויי יאָר דעם שידוך, מחמת ער האָט צוגעזאָגט אַ גרויסן נדן און קאָן אים נישט סילוקן. דער זיידע האָט גענומען אַריינטראַכטן ווי אַזוי ער זאָל אים העלפן און דערביי נישט דאַרפן אים מבייש זיין. האָט ער געשיקט נאָך שייעלען, פאַרבעטן אים אין שטוב אַריין:

— ווייסט דאָך, שייעלע — זאָגט דער זיידע ערנסט — אַז איך האָב אַלע מאָל פיינט געהאַט שותפים. וואָס ס׳איז אויפגעלייגט — וועט גאָט געבן מיר אַליין אין האַנט אַריין. צו וואָס צוויי פּאָר הענט? אָבער איצט, אויף דער עלטער...

— וואָס רעדט איר, ר׳ שמואל־לייב? אויף דער עלטער... ווער דערקענט אויף אייך זיקנה? אויף מיר געזאָגט געוואָרן!

— אָבער פּאָרט אַ בן־שבעים... אַליין איז מיר שוין צו שווער... און איך זוך אַ שותף. אויב נישט אין גאַנצן, איז כאָטש צו מאַכן אַ פּאָר טראַטוועס קיין דאַנציק.

— ווי קום איך צו טראַטוועס, ר׳ שמואל־לייב? כ׳האָב קיין מאָל נישט געהאַט צו טאָן מיט האָלץ.

— אויפן מסחר פאַרלאָז זיך שוין אויף מיר. איך דאַרף נאָר, מ׳זאָל מיר אַכטונג געבן ביים אַרויספירן דאָס האָלץ פון וואַלד, ביים וואַסער... אַ געטרייען מענטש דאַרף איך האָבן.

— ס׳פעלן דען ערלעכע מענטשן אין שטעטל, ר׳ שמואל־לייב?

דעם זיידן האָט שוין אָנגעהויבן אַ ביסל צו פאַרדריסן.

— וואָס, ס׳פּאַסט דיר שוין נישט מיט מיר צו מאַכן שותפות? ביסט אפשר אַ גרעסערער גביר פון מיר?... טאַקע יאָ, כ׳האָב געהערט, אַז דו גיסט דיין טאָכטער אַ גרויסן נדן.

— אַוודאי, אַן איין־און־איינציק קינד, אַ בת־יחידה...

— נו, און געסילוקט האָסטו שוין?

ר׳ שייעלע איז אַ ביסל רויט געוואָרן. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז נישט בחינם האָט ר׳ שמואל־לייב אים פאַרבעטן.

— מסכים, ר׳ שמואל־לייב — האָט ער געשווינד אַרויסגעוואָרפן די ווערטער — מסתמא ווייסט איר דאָך, וואָס איר טוט.

ער האָט אויפגעהויבן די אויגן צו דער סטעליע און זיך מודה געווען:

— איך ברויך טאַקע געהאָלפן צו ווערן...

דער זיידע האָט געעפנט דאָס גרויסע שיפלאַד פון דער שווערער קאָמאָדע, אַרויסגענומען פון דאָרט צעטלען און שליסלען און געגעבן שייעלען אין האַנט אַריין.

— אי״ה פון מאָרגן אָן ווערסטו אַריין אין שותפות. דאַוון אָפּ מיטן

ערשטן מנין און גיי באַלד אַוועק צום בוג. צייל גוט אָפּ די קלעצער, וואָס די פויערים ברענגען, און איך וועל שוין צוקומען דיר זאָגן, וואָס צו טאָן.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, און די טראַטוועס זענען געווען צוזאַמענגעהאַקט, גרייט אָפּצושווימען קיין דאַנציק. דער זיידע האָט מיטגעשיקט שייעלען, ער זאָל אָפּנעמען דאָס געלט. ווען ער איז צוריקגעקומען פון וועג, האָט ער זיך מיט אים אַוועקגעזעצט ביים טיש, און לויט די חשבונות, וואָס דער זיידע האָט געמאַכט, איז אויסגעקומען, אַז דער „שותף" האָט אויף זיין חלק פאַרדינט אַ פּאָר הונדערט רובל, און דער זיידע האָט אים טאַקע אויפן אָרט אויסגעצאָלט דעם גאַנצן ריווח.

*

איין מאָל אין יאָר האָט דער זיידע געפּראַוועט אַ גרויסע מלווה־מלכה.

נאָך הבדלה האָט ער גענומען זינגען דעם „המבדיל". די באָבע איז אַריין מיט די דינסטן אין קיך און זיך דאָרט גענומען פּאָרען. די פּייערקעס פון דער קיך זענען באַלד רויט געוואָרן און די ברייטע פּלאָטן זענען געוואָרן אָנגעשטעלט מיט גרויסע טעפּ און בראָטפּאַנען. אין דעם גרעסטן טאָפּ האָט די באָבע געקאָכט די האָבערגריץ מיט מאַרך־ביינער. צו דער גרויסער מלווה־מלכה האָט די באָבע אויסגעבאָרגט דינסטמיידלעך ביי דער גאַנצער משפּחה און זיי האָבן געוועלגערט לאָקשן, געשיילט קאַרטאָפל, און קוים איז די באָבע אַרויס אויף אַ מינוט פון קיך, האָט זי זיי אָנגעזאָגט, זיי זאָלן גוט אַכטונג געבן „ס'זאָל נישט צוברענען און נישט אויסלויפן". די דינסטמיידלעך האָבן געוואָלט איבערשטייגן איינע די אַנדערע, אַז ר' שמואל־לייבס ווייב זאָל זען, ווער ס'טויג זיך מער אויס אויף דער קיך, ווער ס'מאַכט בעסער און פלינקער. באַלד האָט דער ריח פון געבראָטנס געריסן זיך אין גאַס אַריין.

די מלווה־מלכה איז געווען באַגלייט מיט אַן אָרעמער מאָלצייט פאַר אביונים. אָרעמע־לייט, וואָס זענען געגאַנגען איבער די טירן, האָבן זיך אַ גאַנץ יאָר נאָכגעפרעגט ווען ס'קומט פאַר דעם זיידנס מלווה־מלכה; זיי האָבן געהאַלטן דעם חשבון און געקומען צו גיין פון ווייטע שטעטלעך.

אין דער ערשטער גרויסער שטוב, מיט די פענצטער צו דער גאַס זענען געווען געדעקט לאַנגע טישן מיט ווייסע טישטעכער — פאַר די בעלי־בתים פון שטעטל. אויף די טישן האָט די באָבע אַרויפגעשטעלט אַלע זילבערנע

לייכטערס, וואָס זי האָט געהאַט בירושה פון דורות. אין מיטן איז געשטאַנען דער גרויסער קאַנדעלאַבער און דאָס זילבערנע בשמים־ביקסל. אין די לייכטערס האָבן געברענט גרויסע ליכט און געוואָרפן אַ רויטלעכע ליכ־טיקייט אין אַלע ווינקלען פון דער שטוב.

די טישן זענען געווען אָנגעשטעלט מיט זילבערנע כוסות און מיט געפעס פון ווייסגעבלימטן פאָרצעלאַן. די מלווה־מלכה האָט אויסגעזען, ווי אַ גבירישע חתונה, און די גאַנצע שכנהשאַפט איז געווען אָנגעפילט מיט ששון־ושמחה.

צום זיידנס מלווה־מלכהס זענען געקומען די שענסטע ייִדן פון שטעטל: גבירים, לומדים און חכמים, די גאַנצע משפחה, דאָס גאַנצע גערער שטיבל — און דעם זיידנס הויז איז געוואָרן אָנגעפראָפּט מיט ייִדן און ווייבער, און אַפילו קינדער, וואָס מ׳האָט מיטגענומען .

די געסט זענען געווען אָנגעטאָן אין בגדי־שבת. די ווייבער האָבן גע־טראָגן בריליאַנטענע בראָשן, דימענטענע אוירינגלעך און לאַנגע גאָלדענע קייטלעך אויפן האַלדז. זייערע זיידענע, געפּאַלדעוועטע קלאָשן־קליידער, לאַנגע ביז די קנעכלעך, האָבן גערוישט ביי יעדן ריר, און ביים גאַנג האָבן די ווייבער זיי צוגעהאַלטן פון הינטן מיט איין האַנט. די לאַנגע אַרבל פון די קליידער זענען געווען ברייט אין די אָרעמס, און אַראָפּצו — וואָס אַ מאָל שמעלער און צוגעפּאַסט, פאַרמאַכט מיט ווייס־געשטיקטע בענדער, אַז פון זייערע הענט האָבן זיך אַרויסגעזען נאָר די פינגער. אַ סך האָבן געטראָגן קופּקעס אויף די קעפּ: ווייסע, ברוינע און שוואַרצע, באַפּוצטע מיט בענדלעך און אויסגעהאַפטענע מיט ליאַמאָווקעס אַרום דעם שטערן, אָבער די יונגע גבירישע ווייבלעך האָבן שוין געטראָגן פאַרקעמטע שייטלעך — קוים צו דערקענען, אַז ס׳זענען נישט זייערע אייגענע האָר.

דער זיידע איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין זיינע שענסטע מלבושים: די נייע אַטלאַסענע קאַפּאָטע, פון וועלכער ס׳האָט אַרויסגעשיינט אַ ניי ווייס געפּרעסט העמד, די קאַמגאַרענע הויזן מיט דין־ווייסע שטרייפן, די געמזענע שטיוועלעך און אַ ברייט סאַמעטן היטל אויפן קאָפּ. דער זיידע אַליין האָט מקבל געווען די אורחים, ווייל די באָבע איז געווען פאַרפאָרעט אין קיך. פאַר יעדן האָט ער געהאַט אַ גוט וואָרט, אַ שמייכל, די ייִדן האָט ער מכבד געווען מיט אַ שמעק טאַבאַק. אַפילו מיט די עלטערע ווייבער האָט ער זיך

אַדורכגערעדט, געפרעגט וועגן געזונט פון די קינדער און אייניקלעך, עמעצן האָט ער אָפּגעגעבן אַ פאַרשפּעטיקטן מזל־טוב.

ווען דער עולם האָט זיך שוין געהאַט געוואַשן צו דער סעודה און די טישן זענען געווען באַזעצט, האָט דער זיידע זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן:

— כאָטש עס זענען דאָ פאַראַן גרעסערע לומדים פון מיר און גרעסערע תלמידי חכמים, און כאָטש איר האָט שוין אַ סך מאָל געהערט דעם נס, וואָס ס'איז מיט מיר אַ מאָל געשען מוצאי שבת — וועל איך דאָס נאָך אַ מאָל דערציילן, וכל המרבה לספר הרי זה משובח.

די אייניקלעך און אוראייניקלעך האָבן שוין געוווּסט, אַז בעת דער זיידע הייבט אָן דערציילן די מעשה ביי דער מלווה־מלכּה, דאַרפן זיי זיך אַרומשטעלן אַרום אים.

— מיט אַ קנאַפּן יובל יאָרן צוריק האָב איך געדאַרפט גיין דינען דעם קייסער ירום הודו. האָב איך געטראַכט: אַוודאי דאַרף מען דינען דעם קייסער, וואָס דען? אַ מורד במלכות וועל איך, חס ושלום ווערן? אַז איך האָב מיך אָבער געטומען אַרומקוקן, ווי כ'האַלט, איז מיר ביטער געוואָרן אויפן האַרצן: פינף און צוואַנציק יאָר אין גוייִמס הענט, עסן טריפות, נישט דאַווענען אין תפילין. וואָלט כאָטש געווען פינף יאָר סלוזשבע. אָבער פינף און צוואַנציק? — דאָס הייסט דאָך נישט חתונה האָבן, נישט ברענגען אַ דור אויף דער וועלט... אַט־אָ דעם דור דאָ!

דאָ האָט דער זיידע אָנגעוויזן אויף די אייניקלעך און אוראייניקלעך.

— האָט מען מיר געזאָגט: „שמואל־לייב, האַק דיר אָפּ צוויי פינגער און פטור"... האָב איך געזאָגט: „טאַקע יאָ, גערעכט. ס'לוינט"! אָבער אַז כ'בין איינגעשלאָפן, האָבן די פינגער, וואָס כ'האָב געוואָלט אָפּהאַקן, גע־שטעלט זיך פאַר מיינע אויגן און זיך אָנגעהויבן קריגן מיט מיר: „וואָס פאַראַ זינד זענען מיר באַגאַנגען"? — האָבן זיי געטענהט, „וואָס האָבן מיר דיר שלעכטס געטאָן, וואָס דו טיילסט אונדז אָפּ פון גוף? מיר שטאַרקן דיינע הענט, מיט אונדז האָסטו זיך אויסגעלערנט שרייבן, מיר האָבן געמישט די בלעטער אין סידורל און אין דער גמרא. וואָס ווילסטו פון אונדז? גיי בעסער צו די פּיס! צום עסן דאַרף מען זיי נישט וואַשן, געלט ציילט מען

נישט מיט זיי, צו שפּילן אויף אַ פידל טויגן זיי נישט, און אַ ספר טאָר מען מיט זיי אַפילו נישט אָנרירן״...

— אַז כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ס׳איז נישט געווען אַ פּראָסטער חלום. כ׳האָב אַ ביסל נאָכגעקלערט און געזאָגט: „גוט, כ׳וועל טאַקע אָפּהאַקן אַ שטיקל פיס״! אָבער ס׳איז געווען ערב־שבת. כ׳האָב נישט געוואָלט אויף שבת זיך מצתער זיין און דאָס אָפּגעלייגט אויף זונטיק.

— שבת צו נאַכטס, ווי נאָר כ׳בין איינגעשלאָפן, האָב איך דערפילט, אַז כ׳קאָן זיך נישט איבערדרייען אויף דער אַנדערער זייט.ביידע פיס זענען ווי אָפּגענומען... מען טרעט מיך און מען ווערגט מיך... „שמואל־לייב, שמואל־לייב! — אַזאַ אַכזר ביסטו? פאַר וואָס קומט דאָס אונדז? ווייל מיר האָבן דיך ווינטער אין די גרעסטע פרעסט געטראָגן אין בית־מדרש אַריין? געלאָפן מיט דיר צו סליחות און צו תשליך? געדענק, מיר וועלן זיך אָפּרעכענען מיט דיר! פּרוּוו אונדז נאָר אָנרירן... איך, דער רעכטער, האָב אָפּגעמאַכט מיטן לינקן פוס, טאָמער רירסטו אונדז אָן, טראָגן מיר דיך מער נישט! גיי אויף קוליעס! אויף קוליעס וועסטו גיין! מאַך זיך בעסער בלינד אויף אַן אויג. נישקשה, וועסט אויסקומען אויך מיט איין אויג... ס׳וועט דיר אָנקומען לייכט און ביליק: אין גאַנצן אַ שטאָך מיט אַ נאָדל״...

— ווען כ׳בין אויפגעקומען, בין איך געווען באַגאָסן מיט שווייס, אַזוי האָבן מיך די פיס אויסגעמאַטערט... אַ קלייניקייט, מ׳רעדט צו מיר מיט אַזאַ לשון, און מ׳ווייזט מיר באַלד דעם קולאַק פאַרן פּנים — נישט געקענט ביי נאַכט אַ ריר טאָן מיט אַ פיס... ווייזט אויס, וואָס ריין, איז ריין; די פינגער פון די הענט, וואָס מ׳וואַשט צום עסן האָבן טאַקע גערעדט איידל, אָבער די פיס — זומער אין שווייס און ווינטער אין בלאָטע — זענען פּרעך, זיי סטראַשען באַלד: „וועסט גיין אויף קוליעס!״...

— אָבער וואָס גערעכט איז גערעכט — מ׳קען אויסקומען אויך מיט איין אויג, אַבי נישט צו עסן קיין טריפות און זיין ווי אַלע ייִדן — ברענגען אַ דור אויף דער וועלט... אָבער וואָסער אויג, האַ?

— און כ׳האָב אָנגעהויבן אויסצופּרובירן. דאָ פאַרמאַכט דאָס רעכטע און געקוקט אויפן לינקן, און דאָ ווידער — פאַרקערט, אפשר איז איינס שוואַכער... ניין, ביידע זענען גוט, אויף ביידע זע איך גלייך... אָבער וועל־

כעס אויג לאָזט מען איבער און וועלכעס גיט מען אַ שטאָך מיט דער נאָדל?

— און אַזוי בין איך מבולבל געוואָרן, ביז כ׳האָב אָפּגעמאַכט מיט זיך: פֿאַרפֿאַלן! כ׳גיי דינען ניקאָלאַיען!

— אָבער ווען כ׳בין שוין געווען צוגעגרייט צום גזר־דין. די מאַמע האָט שוין געהאַט אויפֿגעניית אַ זעקל אַלץ איינצופּאַקן און אַריינגעלייגט אַהין דאָס תּפֿילין־בײַטעלע — איז דער נס געשען. שבת צו נאַכטס, ווען כ׳בין געזעסן ביי דער מלווה־מלכּהביים טאַטנס טיש — און געזאָלט האָט דאָס זיין די לעצטע מלווה־מלכּה ביים טאַטנס טיש — איז אָנגעקומען אַ פּאָטשטאַליאָן פֿון דער גובערניע און געבראַכט די בשורה, ווער עס האָט זוכה בגורל געווען און באַפֿרייט געוואָרן „נאַד קאָנטיגענט". איך בין געווען דער איינציקער ייִד, וואָס האָט זוכה בגורל געווען און באַפֿרייט געוואָרן!

זאָגט דער טאַטע: „שמואל־לייב — די מלווה מלכּה איז דיינע... אינעם זכות פֿון דער מלווה־מלכּה ביסטו באַפֿרייט געוואָרן!"...

— און איצט, רבותי, עסט און טרינקט און לאָזט אייך ווויילגיין!...

## ר׳ בערעלע

גערופן האָט מען אים ר׳ בערעלע, אָבער דער נאָמען האָט זיך כלל נישט געפּאַסט צו זיין פיגור. געווען איז ער אַ ברייטפּלייציקער, מיט גרויסע הענט און מיט הענט־קישעלעך; דאָרט ווו די פינגער בייגן זיך איין, זענען אַרויסגעקומען גריבעלעך. בלויז אַ פּאָר הערעלעך זענען געווען אין זיין גאַנצן בערדל, אָבער לאַנגע. ער האָט געהאַט אַ פּאָר שטאַרקע פיס און אַ קיילעכדיק בייכל האָט זיך ביי אים אויסגערונדעוועט ווי דער מיטן פון אַ פעסל.

להיפוך צו זיין פיגור — איז ער געווען אַ פלינקער. ער איז געגאַנגען מיט שנעלע טריט, כמעט ווי געלאָפן. אַלע זיינע עסקים האָט ער געפירט אַליין, ער האָט זיך אויף קיינעם נישט פאַרלאָזט. אַ טבע האָט ער געהאַט קיינעם נישט צו גלייבן.

זיין הויז איז געווען אָפן פאַר סוחרים און חסידים. ר׳ בערעלעס עשירות האָט געשטאַמט פון גרויסע ירושות, וואָס ער האָט באַקומען פון זיינע עלטערן און פון זיין ווייבס צד, און צוזאַמען מיט די ירושות, האָט ער איבערגענומען דעם ברייטן הכנסות־אורחים און דאָס צדקה־טיילן, ווי ס׳האָט זיך געפירט ביי זיינע עלטערן און זיידעס.

אין גערער שטיבל איז ר׳ בערעלע געווען אַלץ צוזאַמען. און כאָטש ער האָט קיין מאָל קיין גבאי נישט געוואָלט זיין, פון דעסטוועגן האָט מען זיך אָן אים קיין ריר נישט געטאָן. געדאַווענט האָט ר׳ בערעלע אויבן־אָן, אויף דער מזרח־וואַנט, און ס׳איז געווען איינגעפירט, אַז ביז ר׳ בערעלע האָט זיך נישט אויסגערוקט פון דער שטילער שמונה־עשרה האָט מען נישט אָנגעהויבן די הויכע שמונה־עשרה.

אויף אַלע יום־טובים איז ר׳ בערעלע געפאָרן קיין גער צום רבין, אַחוץ אויף שמחת־תורה, ווען ער איז געבליבן אין דער היים. אַז ער איז געפאָרן

קיין גער, פלעגט ער מיטנעמען עטלעכע אָרעמע חסידים און זיי דאָרטן אויסהאַלטן אין דער אַכסניה.

ר׳ בערעלע, האָט מען געוווּסט, איז אַ גוטע נשמה. זיין טאַש איז קיין מאָל נישט געווען פאַרשלאָסן פאַר אַן אָרעמאַן, און ווו נאָר עפּעס אַ צדקה־חברה — אַ ביקור חולים, אַ הכנסת כּלה, — איז ר׳ בערעלע געווען דער ערשטער צום געבן, און איז אויך געקומען אויף די אסיפות, צוגעהאָלפן און געפּועלט אַז אַנדערע זאָלן אויך געבן.

ר׳ בערעלעס גרעסטער אויפטו איז געווען צו שאַפן אַ הכנסת־אורחים פאַר אָרעמע־לייט. פון וואַנען ר׳ בערעלע האָט געהאַט צו געבן אויף אַלעם מיט אַזאַ ברייטער האַנט, האָט זיך קיינער נישט געחידושט. מ׳האָט געוווּסט, אַז ער איז אַן אָנגעשטאָפּטער גביר. ער האָט געהאַט אייגענע נחלות, אייגענע הייזער, געהאַט שטיין אַ סך געלטער ביי די פּריצים פון דער געגנט. ער איז אַפילו געווען אַ שטילער שותף צו די גרויסע בראָנפן־ראַפינעריעס אין שטעטל.

למראית־עין האָט ר׳ בערעלע געהאַט אַ שניט־קראָם, אָבער אין דעם האָט ער זיך נישט געמישט. דאָס געשעפט האָט געפירט די ווייב זייבע — פּערל. זי איז געווען אַזוי פאַרנומען מיט דער שניט־קראָם, אַז כּמעט אַ גאַנצן טאָג, אַחוץ שבת און יום־טוב, האָט מען זי נישט געזען אין שטוב.

ר׳ בערעלע האָט געגעבן נדבות, נישט מחמת דעם, וואָס מ׳האָט געבעטן ביי אים, אָדער ווייל עס האָט אים נישט געפּאַסט אָפּצוזאָגן; ער האָט בטבע הנאה געהאַט צו געבן נדבות. ווער שמועסט, אַז עס איז געקומען אַ משולח אָדער סתם אַ ייִד אַ למדן — האָט ר׳ בערעלע נישט געוואַרט מ׳זאָל קומען, נאָר זיין נדבה אַליין אַקעגנגעטראָגן.

פּערל, ר׳ בערעלעס ווייב האָט אויך געהאַט אַ גוטן שם אין שטעטל. אָבער זי פלעגט אָפּט טוישן די דינסטמיידלעך. דאָ איז איר נישט געפעלן געוואָרן ווי דאָס דינסטמיידל פירט זיך אויף, דאָ איז איר נישט געפעלן געוואָרן ווי אַזוי זי וואַשט דאָס געפעס, אָדער ווי אַזוי זי פּרעסט די וועש. ווען אַ דינסטמיידל איז אָפּגעווען עטלעכע זמנים* פלעגט פּערל זי אַוועקשיקן. אָבער ר׳ בערעלע האָט אַלע מאָל געטאָן פאַר זיי, וואָס נאָר

* זמן — אַ צייט פון פּסח ביז סוכות, אָדער פון סוכות ביז פּסח.

ער האָט געקאָנט. אַז אַ דינסטמיידל איז געווען ביי אים אין הויז און מ׳האָט זי געדאַרפט חתונה מאַכן, איז ער געווען דער מחותן, איר געגעבן אַ שטיקל נדן און אַן אָרעמען אויסשטייער, און לײדיק זי נישט אַרויסגעלאָזט פון הויז.

דאָס דינסטמיידל, וואָס איז איצט געווען אין ר׳ בערעלעס הויז, האָט געהאַט מער מזל צו פּערלען. זי דינט שוין דאָרט עטלעכע יאָר. זי איז געווען אַ קיילעכדיקע יתומה, אַן אַרענדאַרס אַ טאָכטער, פון אַ ווייטן דאָרף. דאָס מיידל האָט מען געשיקט אין שטאָט אַריין, אַז זי זאָל נישט פאַר־פאַלן בלייבן צווישן גוים. ווען זי איז אָנגעקומען צו פּערלען אין הויז, איז זי נאָך זייער יונג געווען, אין גאַנצן 12 יאָר, אָבער גראָד אויף איר האָט פּערל רחמנות געהאַט, און ס׳איז איר נישט געקומען אין די געדאַנקען, אַז זי זאָל די דאָזיקע יתומה אָפּזאָגן. צירל — האָט מען די יתומה גערופן. זי איז געווען אַ געזונט מיידל מיט אַ פּאָר רויטע באַקן, אַ פלינקע און אַן אַרבעטסזאַמע. פון ייִדישן אַלף־בית האָט זי נישט קיין סך געקענט. און ווען זי איז געוואָרן אַ יתומה, איז זי געווען נאָך אַ קינד; אַז זי האָט אַפילו נישט געדענקט, ווי די עלטערן האָבן אויסגעזען. אין פּערעלעס הויז האָט מען זי געלערנט אַכטונג געבן אויף ייִדישקייט; דאָ איז זי איבערגעגאַנגען פון קינד צו מיידל. צירל האָט געפילט, אַז דאָס איז איר הויז, ווייל קיינעם אַחוץ זיי האָט זי נישט געהאַט.

ר׳ בערעלע איז זייער ווייניק געווען אין הויז. ער איז שטענדיק געווען פאַרנומען מיט זיינע עסקים. ביי נאַכט, ווען ער איז אַהיימגעקומען, האָט ער געהאַט אָנגעפּאַקטע טאַשן מיט שטיקלעך פּאַפּיר. די שטיקלעך פּאַפּיר האָט ער אויסגעלייגט אויפן טיש און איבערגעשריבן זיי אין זיינע ביכלעך. ער האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין צייט זיך אַרומצוקוקן, וואָס עס טוט זיך אַרום אים.

אָבער צו איין זאַך האָט ר׳ בערעלע יאָ געהאַט צייט — צו זאָגן מוסר. ר׳ בערעלע האָט געזאָגט מוסר יונג און אַלט. ביי יעדן איינעם האָט ער אויס־געפונען „אויף וואָס ער איז געכאַפּט" און ער פלעגט אים וואָרענען ער זאָל זיך אָפּטאָן פון דעם. יונגע בעלי־הביתלעך פלעגט ער אַפילו אָנשייגעצן, אָבער נישט מיט קיין געבייזער, נאָר בדרך הלצה. באַזונדערס פלעגט ר׳ בערעלע שטאַרק מקפיד זיין אויף די ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס גייען שבת נאָך מיטאָג שפּאַצירן איבער דער הילצערנער בריק אין וואַלד אַריין.

ר׳ בערעלע האָט געוואָרנט די טאַטעס און מאַמעס, וואָס פון דעם קאָן, חלילה, אַרויסקומען. און אַז ר׳ בערעלע האָט געזאָגט מוסר, האָט ער נישט געזאָגט אויף אַ גראָבן אופן, נאָר ברמיזה. מוסר האָט ר׳ בערעלע געזאָגט אומעטום, ווו ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט: אין גאַס, אין געוועלב, ווען ער איז אַ מאָל צוגעקומען, צו אַ רעדל יידן אין מאַרק, אָבער דער עיקר — אין גערער שטיבל. דאָרט, אין גערער שטיבל, האָט ער קיינעם נישט געשוינט. אַלץ וואָס מ׳האָט געקאָנט אויסטראַכטן אויפן יונגן דור, וואָס לויפט אַוועק פון דער תורה און מסורה, האָט ר׳ בערעלע אָנגענומען פאַר אמת. ביי ר׳ בערעלען איז נישט געווען צו געפינען קיין תירוץ אויף אַזעלכע זאַכן. אַפילו ווען ער האָט געהערט, אַז עפּעס אַן אַלמנה, הינטערן שטעטל האָט פאַרדונגען אַ שטוב צו אַ מאַנספּאַרשוין, אַ דאָרפסגייער, האָט ער נישט גערוט און דאָרט אַהינגעגאַנגען.

— טאַקע, מינדל, ר׳ אהרן ע״ה וויב, כ׳האָב געוואָלט מיט אייך ריידן, ווי קומט דאָס צו אייך, אַז אַ פרעמדער מאַנספּאַרשוין זאָל נעכטיקן אונטער אייער דאַך?

מינדל איז רויט געוואָרן און האָט נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. וואָס קאָן זי אים זאָגן? אַז די פאַר גילדן דירה־געלט קומען איר שטאַרק צוניץ צו חיונה? ר׳ בערעלע איז נישט אָפּגעשטאַנען:

— איך וויל נישט וויסן פון קיין תירוצים! וויפל דער גרוש צאָלט אייך דירה־געלט, וועל איך אייך צוריקגעבן כפליים. אָבער עס קאָן נישט זיין, אַז אַ פרעמדער מאַן זאָל זיין מיט אייך אונטער איין דאַך...

און ווען ער האָט געזען, אַז ער האָט די אלמנה פאַרשעמט, און מסתמא אויך וויי געטאָן, האָט ר׳ בערעלע ממשיך געווען מיט ווייכע רייד:

— איר מיינט, אַז איך וואָלט דאָ אַהערגעקומען אייך זאָגן מוסר ווען נישט אייער מאַן ז״ל, וואָס האָט מיט אונדז געדאַוונט אין גערער שטיבל? מיר געדענקען יעדן איינעם. און טאָמער מיינט איר, אַז איך האָב זיך מיט עמעצן שואל־עצה געווען, אָדער עמעצער האָט מיך דאָ אַהערגעשיקט, בעט איך אייך, איר זאָלט דאָס גאָר נישט איבערטראַכטן... כ׳בין געקומען אַליין, און פון מיין גוטן ווילן האָב איך אייך געבראַכט אָט דאָס!

ר׳ בערעלע האָט פאַוואָליע אַריינגעשטעקט די האַנט אין דער הויזן־

קעשענע, אַרויסגענומען פון דאָרט אַ קניפּל איינגעוויקלט אין פּאַפּיר און עס אַוועקגעלייגט אויפן טיש:

— אי״ה פאַר פּסח וועל איך אייך נאָך אַ מאָל באַצאָלן דירה־געלט...

✶

שבת אין דער פרי האָט ר׳ בערעלע ליב געהאַט זיך אָוועקצוזעצן אין פראָנט־צימער, אָנגעטאָן אינעם שבתדיקן געבלימלטן שלאַפראָק, פון וועלכן ס׳האָבן אַרויסגעבאָמבלט לאַנגע ציצית. ער האָט אַריינגעקוקט אין אַ ספר. זיין פּנים איז געווען אויסגערוט און זיין שיטער בלאָנד בערדל האָט אויסגעזען, ווי ס׳וואָלט געווען פריש אויסגעקעמט און אויסגעגלעט. ביי גערער חסידים איז דאָס נישט געווען אָנגענומען, אָבער ר׳ בערעלע פלעגט זיך נוהג זיין, אַז ער האָט געטרונקען אַ גלאָז הייסן טיי, איידער ער איז געגאַנגען דאַווענען. די טיי האָט מען אַרויסגענומען פון דער בראַטרער אין קאַכל־אויוון. דעם טשייניק האָט מען אַהין אַריינגעשטעלט פאַר שבת, און מ׳האָט שוין געוווּסט, אַז שבת אין דער פרי טראָגט אים דאָס דינסטמיידל צו צום טיש אַ גלאָז הייסע טיי. נישט ר׳ בערעלע האָט געדאַרפט זיך הייסן געבן טיי, און נישט מ׳האָט אים געדאַרפט פרעגן, אויב ער וויל שוין טרינקען טיי. ווי מ׳האָט געזען, אַז ר׳ בערעלע זיצט שוין אין פראָנט־צימער, האָט צירעלע אים צוגעטראָגן אַ גלאָז טיי און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש.

דאָס מאָל, ווען דאָס דינסטמיידל איז אַריינגעקומען און איז אַוועקגעשטעלט דאָס גלאָז אויפן טיש, האָט ר׳ בערעלע אַוועקגענומען די אויגן פון ספר און אַ קוק געטאָן אויף צירלען, אויף איר הולך, אויף איר אָפּגעריבן קליידל און אויף די בריסטלעך, וואָס האָבן זיך אויסגעוויקלט הינטערן קליידל און געוואָלט זיך דורכרייסן... איר פּנים — האָט ר׳ בערעלע געזען — איז ממש בלוט־און־מילך, און די האַלב־נאַקעטע האַנט, וואָס האָט זיך אויסגעצויגן אויפן טיש, איז אַזוי שיין אויסגעפורעמט, אַז עס האָט אים אַ ברי געטאָן זי אָנצוכאַפּן און צוטראָגן צו זיין פּנים, צו זיינע ליפּן...

ר׳ בערעלע האָט ווי נאָך קיין מאָל־נישט, דאָס גלאָז האַסטיק אויסגעטרונקען, און ווען צירעלע איז אַריינגעקומען אַראָפּנעמען דאָס גלאָז און האָט אים אַ פרעג געטאָן, אויב ער וועט טרינקען נאָך אַ גלאָז, האָט ער נישט געקענט אַפילו אַ וואָרט ענטפערן, נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ...

ביים צווייטן גלאָז טיי האָט ר׳ בערעלע געפילט, אַז איר נאָענטקייט דערוועקט אין אים עפּעס אַ געפיל, מיט וועלכן ער קאָן זיך נישט קיין עצה געבן. ווען זי איז אַרויס איז ער אַ ביסל געקומען צו זיך, אָנגענומען זיך פעסט ביי דער באָרד און ווידער געפּרווט אַריינקוקן אין ספר, אָבער די טריט פון מיידל, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, זענען געבליבן אין זיינע אויערן.

נאָך הבדלה, ווען ר׳ בערעלע האָט אָפּגעזונגען „ויתן לך״, האָט ער מיט איין גלעט איבער דער באָרד אַוועקגעמאַכט די אַלע זאַכן, וואָס האָבן זיך אים היינט אויסגעדאַכט, און ווידער זיך גענומען צו די עסקים.

ס׳האָבן שוין געוואַרט עטלעכע ייִדן, וואָס זענען געקומען זיך מיט אים באַרעכענען, אַ וואַלד־שרייבער, מעקלערס, און ר׳ בערעלע איז געווען אַזוי פאַרנומען, אַז ער האָט אין גאַנצן פאַרגעסן, אַז צירל געפינט זיך אין זיין שטוב.

אָבער באַלד זונטיק אין דער פרי, ווען ער האָט גענומען דאָס טלית־זעקל און געלאָפן אָפּדאַווענען מיטן ערשטן מנין אין גערער שטיבל, האָט זיך אים ווידער אויסגעדאַכט, אַז ער הערט אירע טריט, און ער האָט געפילט דעם גוטן טעם פון דעם צווייטן גלאָז טיי, וואָס זי האָט אים דערלאַנגט צום טיש.

ר׳ בערעלע האָט פאַרלייגט דעם טלית איבערן קאָפּ און געוואָלט אָפּ־שטופן די בייזע געדאַנקען. ער האָט געוווסט, אַז אין אים האָט זיך אַריינ־געריסן אַ סיטרא אחרא און ס׳איז נישט אַזוי לייכט דערפון פטור צו ווערן — אויסער, ווען מען נעמט זיך אָן מיט כוח און מ׳שטאַרקט זיך אַליין.

צוגעהאָלפן ר׳ בערעלען זיך צו שטאַרקן האָט די מחלוקה, אין וועלכער ער איז אַריינגעצויגן געוואָרן. אין גערער שטיבל האָט זיך געקאָכט מיט אַ נייעם חזן־שוחט, וואָס מ׳האָט געדאַרפט אויפנעמען. דאָס גאַנצע שטעטל האָט דווקא געוואָלט אַ גוטן חזן, און דאָס גערער שטיבל האָט זיך איינגעע־עקשנט — אַ יראת־שמים. ר׳ בערעלע איז געווען דער ראש פון גערער שטיבל און זיך אין גאַנצן אַריינגעוואָרפן אין דער מחלוקה און גערעדט דערוועגן ביי טאָג און ביי נאַכט. די מחלוקה האָט זיך געצויגן אַ סך חדשים און ר׳ בערעלע איז אין דעם געווען אַריינגעטאָן בראשו ורובו. נאָך דעם ווי די מחלוקה האָט זיך איינגעשטעלט, האָט מען געוווסט, אַז דאָס, וואָס

דאָס געריער שטיבל האָט אויסגעפּירט, איז געווען דער גרויסער פאַרדינסט פון ר׳ בערעלען, ווייל ווער האָט דאָס געוואָלט איינרייסן מיט ר׳ בערעלען? מ׳האָט געוווּסט, אַז ר׳ בערעלע וועט נישט אָפּטרעטן.

אין געריער שטיבל איז געווען ששון ושמחה. די מחלוקה האָט זיך איינ־געשטעלט און די בעלי־הבתים האָבן זיך איבערגעבעטן. אַלע זענען געווען צופרידן, אַז ס׳איז שלום אין שטעטל. אָבער ר׳ בערעלען איז פון דעם קיין גרויסע טובה נישט אַרויסגעקומען. ווי נאָר די מחלוקה האָט זיך געהאַט איינגעשטעלט, און דעם ערשטן שבת נאָך דער מחלוקה האָט צירל אים צוגעטראָגן טיי צום טיש — זענען אים ווידער באַפאַלן די אַלע שלעכטע רעיונות.

ר׳ בערעלע איז נאָך געווען אין די מיטעלע יאָרן, אין די אָנהייב פערציקער, אָבער אויסגעזען האָט ער שוין עלטער, אַ ייִד אַ יש. די ערשטע יאָרן נאָך דער חתונה האָט ר׳ בערעלע, אויסער זיין ווייב, נישט געזען קיין אַנדערע אשה אויף דער וועלט. אָבער שפּעטער, ווען זיין ווייב האָט זיך אריינגעטאָן אין מסחר און זי איז געוואָרן אויסגעדאַרט, און די אויגן האָבן ביי איר גענומען לויפן, ווי זי וואָלט כסדר געציילט קליינגעלט, האָט ר׳ בערעלע אָנגעהויבן איבערטראַכטן, צי איז דאָס טאַקע זיין זיווג? יעדן שבת, ווען ער האָט געטרונקען די טיי, האָט ער אָנגעהויבן אַריינקוקן אין זיין וועלטל אַריין, און ער האָט געזען, אַז אייגנטלעך, דרייט ער זיך אַרום אין אַ ראָד אין וועלכן מ׳האָט אים אַריינגעדרייט, אָבער עפּעס ענדערן — איז ער נישט ביכולת.

אַ מאָל, שבת אין דער פרי, ווען ר׳ בערעלע האָט אַריינגעקוקט אין אַ ספר, פלעגט דאָס ספר זיין אָפן, אָבער אין די לעצטע צייטן האָט ער דאָס ספר צוגעדעקט מיט אַ גרויסער פאַטשיילע, און ווען ס׳איז ווער פאַר־בייגעגאַנגען דעם פראָנט־צימער, האָט ער עס אין גאַנצן פאַרמאַכט. ר׳ בערעלע האָט אָנגעהויבן אַריינקוקן אין יענע ספרים, וואָס האָבן אויסגע־טייטשט דאָס לעבן פון מאַן און פרוי. האָט ער גענומען לייענען די מפרשים, וואָס האָבן אויסגעטייטשט די געשעענישן מיט בת־שבע און אַנדערע פרויען אין די תנ״ך־צייטן. מיט אַ מאָל איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן, וואָס על פי תורה איז גאָר נישט פאַרבאָטן צו נעמען אַ שיפחה פאַר אַ קעפּס־ווייב.

וואָס מער ער האָט דערין אַריינגעטראַכט, אַלץ מער האָט ער זיך מוסר געזאָגט, אָבער זיך אָפּרייסן פון די דאָזיקע ספרים, האָט ער שוין נישט געקאָנט. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אויך ער האָט געהאַט זיין חלום וועגן אַ פרוי. געווען איז דאָס דעמאָלט, ווען ער האָט נאָך געלערנט אין דער ישיבה. ער האָט זי נישט נאָר אויסגעטרוימט, נאָר אַפילו געזען. געווען איז דאָס דעם לערערס טאָכטער, וואָס פלעגט אַלע מאָל אַרויסגיין מיט אַ ביכל אונטערן אָרעם. געזען האָט ער דאָס מיידל נאָר אַ פּאָר מאָל דורכן פענצטער, אָבער זי האָט זיך אַזוי אַריינגעריסן צו אים אין האַרצן, אַז ער האָט זי גענומען זען אין זיינע חלומות. אָט שטייט אים נאָך פאַר די אויגן איר דינע, שלאַנקע פיגור, די געטאָקטע פיסלעך און די צוויי לאַנגע צעפּ. אָבער אויסזאָגן עפּעס דערוועגן אין דער היים האָט ער נישט געקאָנט, ווייל וועמען וואָלט דאָס געקומען אויפן געדאַנק, אַז בערעלע, דער ישיבה־בחור וועט האָבן אַ מגע מיטן ליטוואַק, דעם העברעיִשן לערער, וואָס פּרעסט טרייפעס...

ווען בערעלע האָט חתונה געהאַט, האָט זיך פאַר אים אַנטפּלעקט אַן אַנדערע וועלט. ער איז געוואָרן אַריינגעטאָן אין זיין הויז, און דעם לערערס טאָכטער האָט ער אָנגעהויבן צו פאַרגעסן. ער פלעגט זיך לאַנג איינקוקן אין זיין ווייב און פּרוּוון אויסגעפינען אין איר אַן ענלעכקייט צו דעם ליטוואַקס טאָכטער, אָבער בשום אופן איז עס נישט געגאַנגען. נישט פּערלס אויגן האָבן געפּאַסט, נישט אירע קרומע פיס מיט די טוכענע לאַטשן, וואָס זי האָט געטראָגן. זי האָט נישט אַזעלכע באַוועגונגען ווי יענע, און דאָס קלינגענדיקע קול פון יענעם מיידל קאָן גאָר נישט פאַרגליכן ווערן מיט פּערלס פייפנדיקער שטימע.

אין די ערשטע יאָרן איז דאָס אַלץ ביי ר׳ בערעלען פאַרשלונגען געוואָרן מיט אַ בלאַט גמרא, מיט אַ שווערן תוספות, אָדער אַ מדרש רבה. נאָך בעסער איז געווען ווען ער איז געפאָרן קיין גער; ביים רבינס טיש זענען זיך די אַלע געדאַנקען צעגאַנגען, ווי עס צעגייט זיך אַ נעפּל און עס שיינט צוריק אויף די זון.

פּערל, ר׳ בערעלעס ווייב, איז נישט געווען צופרידן, וואָס דער מאַן פאַרברענגט נישט די ימים־טובים אין דער היים. אָבער איין זאַך האָט זי ביי אים אויסגעפועלט: אַז אויף שמחת־תורה זאָל ער אין ערגעץ נישט פאָרן. האָט מען געוווּסט, אַז אויף שמחת־תורה דאַרף מען אין ר׳ בערעלעס

הויז אָנגערייטן געבראָטנס פאַרן גאַנצן גערער שטיבל. באַלד ווי דאָס דאַווענען האָט זיך געענדיקט, זענען צו ר׳ בערעלען אין הויז אַריין די חסידים און נישט וואַרטנדיק ביז מען וועט זיי פאַרבעטן, זענען זיי צוגעפאַלן צו די לאַנגע טישן און צעכאַפּט די מאכלים מיט די בלויזע הענט. זיי האָבן געגעסן שטייענדיקערהייט, אָנגעגאָסן פון די פלעשלעך און די לחיימס האָבן זיך געהערט אַזש אין גאַס. ר׳ בערעלע האָט געהאַלטן אין איין אונטעריאָגן מ׳זאָל נאָך אַרויפשטעלן אויפן טיש. פערל און צירל האָבן צוגעטראָגן געזאָטענע צונגען, קלאָפּסן און געבראָטענע קאַטשקעס. דערנאָך, אַז דער עולם איז שוין געווען זאַט, האָט מען די טישן אַוועקגערוקט אין אַ זייט און זיך געלאָזט אין אַ חסידישן טאַנץ. ר׳ בערעלע האָט געטאַנצט צוזאַמען מיט אַלע, אָבער ער האָט געטאַנצט לייכטער, בעסער; ער האָט געטאַנצט מיט מער שמחה, מיט מער התלהבות ווי אַלע. ווען ער איז געווען פול מיט טאַנץ איז גראָד צירל אַדורכגעגאַנגען, אַדורכגעשטופּט זיך דורך די חסידים מיט אַ פולע טאַץ אין דער האַנט. ר׳ בערעלע ווייסט אַליין נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען — זיינע פינגער האָבן זיך אויסגעצויגן צו איר און ער האָט אָנגעכאַפּט איר גוף... דאָס מיידל האָט זיך דערפון גאָרנישט געמאַכט, נישט קיין פּיפּס געגעבן און אויך זיך נישט אָפּגעשטעלט. ר׳ בערעלע האָט דאָס געטאָן אויף אַזאַ געשיקטן אופן, אין מיטן טאַנצן, אַז קיינער האָט עס אַפילו נישט באַמערקט.

צירל איז אַריינגעלאָפן אין קיך אַריין מיט אַ געפיל פון הנאה. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז ווען זי איז נאָך געווען אַ קליין מיידל און זי האָט זיך געשפּילט מיט סטאַשעקן, פלעגט ער איר טייל מאָל אַזאַ קיצל טאָן, אַז דורכן גאַנצן קערפּער איז איר אַדורכגעלאָפן אַ ציטער. צירל האָט נישט געוואָלט פאַרגלייכן, ווייל דאָרט, ביי סטאַשן, איז עס פאָרגעקומען אויף די גרינע לאָנקעס און דאָ — זי קוקט זיך אַרום — איז פול אָנגעוואָרפן מיט טאַצן אָפּגעגריזשעטע ביינער, פעטע טעלער און שטיקלעך אָפּגעצופּטן לעקעך. זי האָט פלינק גענומען צוזאַמענשטעלן די טעלער און זיך געשראָקן, אַז די בעל־הביתטע זאָל דערפון נישט געוואָר ווערן. און כאָטש דאָס איז געקומען אַזוי אומגעריכט, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז אויב פערל וועט דערפון געוויר ווערן, וועט זי נישט זאָגן קיין שלעכט וואָרט איר מאַן, נאָר אויסלאָזן דעם כעס צו איר.

ערשט ווען דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען און צירל איז געבליבן אַליין אין קיך, האָט זי דערפילט דעם ביטערן טעם פון איר איינזאַמקייט. ביז איצט האָט זי געהאַט אַ געפיל, אַז זי געפינט זיך ביי אייגענע, אַז די רייכקייט פון הויז וואַרפט איר אויך צו אַ חלק, און די מענטשן פון הויז האַלטן זי פאַר אַן אייגענע. איצט האָט זי פאַרשטאַנען, אַז איר פעלט עפּעס. נישטאָ אַרום איר קיינער, וועמען זי זאָל קאָנען אַנטפּלעקן אירע פאַרלאַנגען, נישטאָ קיינער, וועלכער זאָל אירע פאַרלאַנגען נאָכקומען.

די בעל־הביתטע איז אַריין אין קיך און גענומען שרייען:

— צירל, וואָס שטייסטו? נעם זיך צום געפעס!

✶

אין דער נאַכט פון שמחת־תּורה איז ר׳ בערעלע איינגעשלאָכן, אין דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע און שטיוול, אויף דער ברייטער קאַנאַפּע אין פראָנט־צימער. ר׳ בערעלעס ווייב איז שוין לאַנג געלעגן אין בעט און די קינדער זענען געשלאָפן מיט אַ געשמאַקן שלאָף. די ליכט האָבן נאָך געצאַנקט אין די זילבערנע לייכטער. אויך צירל איז געווען פאַרמאַטערט. די בעל־הביתטע האָט איר אָנגעזאָגט, אַז זי זאָל אַראָפּרוימען פון טיש און אַוועקשטעלן דאָס געפעס, אָבער אין מיטן דער אַרבעט, ווען זי האָט זיך צוגעלענט אויף איר בעטל אין פינצטערן אַלקערל ביי דער קיך, איז זי איינגעשלאָפן אין אַ האַרטן שלאָף.

ר׳ בערעלע איז געשלאָפן אומרויִק. ער האָט זיך שטאַרק געטוליעט צו דער וואַנט און געדעכעט. ס׳האָט אויסגעזען, ווי ער וויל זיך אַליין אויפוועקן, אָבער ער האָט נישט געקאָנט. ערשט ווען אין גאַס זענען אַדורכגעפאָרן שווערע וועגענער מיט אַ טומל און געקלאַפּט, האָט ר׳ בערעלע זיך אַ ריס געטאָן פון דער ברייטער סאָפע און צוגעלאָפן צום פענצטער. ער איז געבליבן שטיין און זיך צוגעהאָרכט, אפשר אַ גנב, אפשר אַ שריפה אין שטעטל? אָבער אין גאַס איז ווידער שטיל געוואָרן, נאָר דאָ און דאָרט האָבן היגט זיך צעבילט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און געזען, אַז ער טראָגט נאָך די אַטלאַסענע קאַפּאָטע און זיך דערמאָנט, אַז ס׳איז שמחת תּורה. ער איז אַריין אין קיך וואַשן די הענט. די שטילקייט איז אים אויסגעקומען פרעמד. אפשר איז נאָך פערל נישט געגאַנגען שלאָפן? ער איז נאָך אַ מאָל אַריין אין קיך. דאָס טירל פון אַלקערל איז געווען אָפן און ער האָט דערזען

צירלען ליגנדיק אויפן קורצן בעטל. זי איז געלעגן אין קרעטאָנענעם קליידל און קורצן ווייסן פאַרטעכל. דאָס קליידל איז געווען אַן אָפּגענוצטס. אייגנט־לעך געדענקט אַפילו נישט ר׳ בערעלע, ווען ער האָט זי געזען אין אַ ניי קליידל. צירלס איין פיס איז אַראָפּגעהאָנגען פון בעטל און דעם צווייטן האָט זי געהאַלטן איינגעקאָרטשעט און אין גאַנצן אויפגעדעקט. צו ערשט איז אים געקומען אין קאָפּ אַריין, ער זאָל אַנטלויפן, אָבער פון דעם בראָנפן, וואָס ער האָט געטרונקען, האָט ער דערפילט אַ מידקייט און ער האָט זיך אָנגעלענט אויפן קאַנט פון בעטל.

מער האָט ער שוין פון צירלען די אויגן נישט געקאָנט אָפּרייסן. ר׳ בערעלע האָט געזען ווי אירע בריסטן באַוועגן זיך און ווען ער האָט זיך אַ ביסל צו איר צוגעבויגן האָט ער זיך נישט געקאָנט אויסוווּנדערן פון דעם פאַרכישופטן טאָל, וואָס צווישן אירע בריסטן.

צו ערשט האָט ער זי געוואָלט אויפוועקן — „גיי מאַך מיר אַ גלאָז טיי״! אָבער די זיסקייט אויף איר שלאָפנדיק פּנים האָט אים דערפון אָפּגע־האַלטן. זיינע אויגן האָבן צום ערשטן מאָל דערזען דאָס בליִען פון אַ יונגפרוי. ר׳ בערעלע איז געבליבן זיצן ווי אַ מבולבלדיקער. ער האָט געפּרוּווט זיך אויפ־שטעלן, אָבער ער איז געווען ווי צוגעשמידט צום בעטל.

צירל איז נאָך אַלץ געשמאַק געשלאָפן. ס׳האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז די קאַץ איז אַריינגעקראָכן צו איר אין בעט און לעקט איר פּנים, זי ווערט אַ שאַר־טאָן מיט דער האַנט און זי אַראָפּטרייבן. איין אויגן־לעפל האָט זיך איר אַ ביסל געעפנט און זיך באַלד צוריק צוגעקלעפּט. ס׳האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי האָט געזען ר׳ בערעלען אין קיך, אָבער ס׳האָט איר נישט געגלוסט בריית צו עפענען די אויגן.

ר׳ בערעלע האָט נאָך אַלץ נישט געקאָנט מיט זיך אַדורכקומען. האָט ער באמת היינט אַזוי פיל געטרונקען? שטעקט נאָך אין אים דער בראָנפן, וואָס צעפלאַמט זיין לייב? אָבער דאָ האָט ער בפירוש דערהערט ווי עמעצער שושקעט אים אין די אויערן אַריין:

„אדם לאהבה נברא, ואם שונא הוא — לחינם נברא!״...*

---

* אַ מענטש איז צו ליבע באַשאַפן געוואָרן — און אויב ער פאַרנאַכלעסיקט איר — איז ער אומזיסט באַשאַפן געוואָרן!

ר׳ בערעלען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די ווערטער, וואָס ער האָט געהערט זעגען, נישט אַנדערש, ווי אַ בת־קול, וואָס שטויסט אים צו געניסן פון עולם הזה. ער האָט מער נישט געזען צירלען ווי אַ קינד, נאָר פאַר אים ליגט די יונגפרוי, וואָס ווערט באַזינגען אין שיר השירים. דער גאַנצער תענוג פון עולם הזה ליגט פאַר אים.

ער איז געלאָפן אין פראָנט־צימער אויסלעשן די ליכט. פּאַוואָליע האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן קאַנט פון הילצערן בעטל און געציטערט, זי זאָל זיך נישט איבערוועקן און אויפכאַפּן מיט אַ געוואַלט. אַצינד האָט צירל דערפילט, ווי הענט בלאָנדזשען אַרום איר לייב. זי וויל שרייען, אָבער איידער זי הייבט נאָך אָן, הערט זי ווי אַ ווייך קול, קוים וואָס מ׳הערט, בעט זיך ביי איר:

— צירל, זיי שטיל!

צירל האָט דערקענט דאָס קול. אַ שרעק איז איר באַפאַלן, פּערל קאָן נאָך אַריינקומען... זי איז שוין געווען וואַך און זי האָט ברייט געעפנט די אויגן אין דער פינצטערניש אַריין.

— באַלעבאָס... אוי, איר?...

ביי צירלען אין קאָפּ האָט זיך אויסגעלייגט אַ שטיק פינצטערניש.

✶

פון דעם טאָג אָן, ווען מ׳האָט דערקענט אַז צירל איז שוואַנגער, האָט ר׳ בערעלע בסוד סודות איר אַלע מאָל אונטערגערוקט אַ מטבע. ער האָט דאָס געטאָן זייער פאָרזיכטיק. בשעת ער איז אַריינגעגאַנגען אין קיך זיך וואַשן די הענט און הויך געזאָגט די ברכה פון נטילת ידים, האָט ער פון הינטערן האַנטעך אַפער, וואָס ער האָט געהאַלטן אויף די הענט, איר אַ דערלאַנג געטאָן אין האַנט אַריין. צירל איז געוועזן בייגעריק און באַלד אויפגעוויקלט די פּאַפּירלעך. ס׳איז איר אַזש ליכטיק געוואָרן אין די אויגן.

— זאַמל דיר, זאַמל! — האָט ער אין דער ברכה אַריינגערעדט — ס׳וועט דיר צוניץ קומען.

ר׳ בערעלע איז אַ ביסל אומרויִק, נערוועזש. ביי יעדער קלייניקייט בייזערט ער זיך אויף פּערלען. ער גיט איר מער נישט נאָך, ווי אַ מאָל, ווען ער האָט זי געהאָרכט, וואָס נאָר זי האָט געזאָגט. פּערלס רייד, מ׳זאָל

די מויד אַרויסוואַרפן, ווייל וואָס אַ מאָל ווערט זי דיקער און מ׳מוז לאָזן איבערנייען אירע קליידלעך, צו פאַרשטעלן די חרפה — האָבן גאָרנישט געהאָלפן. ר׳ בערעלע האָט דערפון נישט געוואָלט הערן און זיך נאָך גוט אָנגעבייזערט:

— הייב אָן מיט אַ קיילעכדיקע יתומה...

און, אַז דאָס ווייב האָט גענומען אויף איר אויסריידן, האָט ר׳ בערעלע מיט אַ פרומער מינע, אויפהייבנדיק די אויגן צו דער סטעליע געזאָגט:

— שומר יתומים אדני!

אָבער פערל האָט מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן. שכנטעס האָבן זי נישט געלאָזט אַדורכגיין די גאַס:

— אייער דינסטמיידל איז טאָקע מעוברת?

— שוין אַוודאי אין פערטן חודש.

— און מ׳ווייס גאָרנישט ווער, פון וועמען? — האָבן ווייבער נישט אָפּגעלאָזט.

— מסתמא שקצים... מ׳האָט איר געזאָגט, זי זאָל נישט גיין מיט שקצים אויף די לאַנקעס...

אויך אין ר׳ בערעלעס הויז האָט מען וועגן דעם נישט אויפגעהערט צו ריידן. נאַכט ביי נאַכט זענען די ווייבער געקומען צו פערלען און זיי האָבן זיך מיט איר לאַנג געשושקעט. נחה די חזנטע האָט פערלען פרום אַריינגערעדט אין אויער:

— גלייבט מיר, פערל, אַז דאָס בעסטע וועט זיין, אַז איר וועט די פאַרשייטע מויד אַריבערפירן קיין וואַרשע צו אַ רייפערקע, וואָס האַלט אויס דינסטמיידן ביז איבער דער קימפעט. ועלוועלע בעל־עגלה טויג זיך אויס אויף די זאַכן...

טייל מאָל האָט צירל אויפגעכאַפּט אַ וואָרט פון די ווייבערס שושקעריי, ס׳איז איר אָבער נישט אָנגעגאַנגען צו הערן וואָס זיי ריידן. זי איז געווען פאַרנומען מיט זיך. זי האָט אָנגעהויבן פילן, אַז עס באַוועגט זיך עפּעס אונטער איר האַרצן. ר׳ בערעלע איז איר אָנגעהויבן נענטער צו ווערן. זי האָט אים דערזוען לעבן זיך, ווי אין דער שמחת תורה נאַכט און געהאַט אַ באַגער אָנצונעמען זיין האַנט און זי אַרויפלייגן אויף איר בויך, דאָרט ווו זי פילט, אַז עס וואַרפט זיך עפּעס... זי פלעגט פרי אויפשטיין

צו זען אים, אײדער ער גייט אַוועק דאַווענען צום ערשטן מנין, אָבער ר׳ בערעלע האָט אויסגעמיטן זיך צו דרייען אין דער קיך. דאָס האָט צירלען שרעקלעך געפּייניקט, און אַלץ איז איר געפֿאַלן פֿון די הענט. דאָ האָט זי צעבראָכן אַ טעלער, דאָ איז איר אַרויסגעפֿאַלן פֿון דער האַנט אַ גלאָז הייסע מילך, וואָס זי האָט צוגעטראָגן פּערלען צום בעט.

פּערל האָט באַמערקט, אַז איר מאַן איז נישט עפּעס מיט אַלעמען. זי האָט געוווּסט, אַז דאָס איז צוליב דער פֿאַרשייטער מויד, וואָס האָט זיך אַרומגעפּירט מיט שקצים און אָנגעטאָן אַ חרפּה דעם הויז. זי האָט נישט געוואָלט, אַז וועלוול בעל־עגלה זאָל קומען אין שטוב אַריין, נאָר איז געגאַנגען צו אים. זיך גוט אויסגעדינגען, אָנגעזאָגט וועלוולען, ער זאָל די מויד גוט אויסבעטן אין דער בויד, און באַצאָלט אים פֿאָרויס. דערנאָך איז זי איילִיק אַהיימגעלאָפֿן, ראָש אַריין אין שטוב און אָנגעזאָגט דעם מאַן:

— מאָרגן פֿאַר טאָג שיק איך שוין אַוועק די מויד...

אויף צו מאָרגנס איז פּערל אויפֿגעשטאַנען ווען ס׳איז נאָך געווען פֿינצטער. אויך ר׳ בערעלע האָט זיך אָנגעטאָן. ער האָט געוואָלט זיין דערביי ווי צירל פֿאָרט אַוועק. ער האָט געהאַט עפּעס אָנגעגרייט, זיך געדרייט אין דער קיך מיטן האַנטעך אויף די הענט און געוואַרט, אַז צירל זאָל אויפֿשטיין. באַלד איז פּערל אַריין אין קיך און גענומען שרייען:

— צירל, הייב זיך אויף!

אין אַלקערל איז שטיל געווען. מ׳האָט נישט געהערט קיין סקריפּ פֿון בעטל, אַז צירל זאָל זיך אויפֿהייבן.

— געזען אַ מויד! — האָט פּערל נאָך העכער געשריגן — מען שרייט צו איר, און זי הערט נישט.

פּערל האָט ברייט אַן עפֿן געגעבן דאָס טירל פֿון אַלקערל. אַלץ איז דאָרט געווען, אַפֿילו די צוויי קישענעס מיטן איבערבעט, וואָס צירל האָט מיטגעבראַכט פֿון דאָרף זענען געלעגן אויפֿן הילצערנעם בעטל, נאָר די מויד אַליין איז נישט געווען. פּערל איז אַרויסגעלאָפֿן זי זוכן איבער אַלע שטובן, זי איז אַרויס אויפֿן הייפֿל און זי גערופֿן, און אַז צירל האָט זיך נישט אָנגערופֿן, איז זי אַריין מיט אַ געוואַלט צו ר׳ בערעלען אין פֿראָנט־צימער:

— זע נאָר, די מויד איז דאָך נעלם געוואָרן...

# דער תהילים־ווקער

אין שטעטל האָט מען אים נישט געקענט. בלויז די וועלכע ווינען הינטערן שטעטל האָבן אים אין די פאַרטאָגן געזעען איילן אין דאָרף אַריין מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס.

שטענדיק האָט ער זיך געהאַלטן אין אַ זייט און מיט קיינעמען נישט גערעדט. בלויז אַז ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ ייִדן, האָט ער אַ מורמל געטאָן: „גוט מאָרגן" און ווייטער געגאַנגען זיין וועג.

מעגלעך, אַז ער האָט זיך דאָס אַזוי געשעמט פאַר מענטשן צוליב זיין הולך, צוליב דעם, וואָס ער איז אַרומגעגאַנגען אין אָפּגעריסענע, אָפּגע־שליסענע בגדים, אַ לאַטע אויף אַ לאַטע און די פאַרשאַרצטע פּאָלעס אַריינ־געמאַכט אין אַ גראָבן שטריק, ווי אַ שלעפּער; און מעגלעך, אַז ער איז געווען אַ צעדרייטער, אַ תם. ווער ווייס?

קאָן זיין, אַז ער וואָלט אַזוי אָפּגעלעבט זיין גאַנץ לעבן און קיינער וואָלט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט, טרעפט אָבער, אַז אין שטעטל ברעכט־אויס אַ שווערע מגיפה, וואָס מיידט נישט אויס קיין ייִדיש הויז.

דער רב פון שטעטל, ר' אבאלע האָט אויספּרובירט אַלע מיטלען אָפּ־צושטעלן די מגיפה: גאַנצע טעג געזאָגט תהילים בציבור ביים אָפענעם אָרון־קודש, געצונדן ליכט, געלאָפן אויפן הייליקן אָרט — ס'האָט נישט געהאָלפן. נישט אַנדערש, אַז דאָס שטעטל איז שטאַרק זינדיק.

ר' אבאלע האָט גענומען נאָכטראַכטן נאָך יעדן איינעם, וואָס האַנדלט מיט גויים, האָט צו טאָן מיט שיכורים. ער האָט זיך דערמאָנט אין יעדער אלמנה און פאַרזעסענע מויד פון שטעטל, אָבער ער האָט קיין האַרץ נישט געהאַט ער זאָל עמעצן באַשולדיקן, אויף וועלכע ייִדישע שטוב אַרויפצוואַרפן דעם חשד, אַז דאָס איז דאָס אָרט פון זינד. דערווייל זענען די מענטשן געפאַלן ווי פליגן.

ביז דער מגיפה פלעגט מען די מתים אַוועקפירן צו קבורה אין שכנותדיקן

שטעטל, מחמת קיין אייגענער בית עולם איז נאָך אין שטעטל נישט געווען און דאָס דערפֿאַר, ווייל אַלע ליידיקע פּלעצער און פעלדער אַרומען שטעטל האָבן געהערט צום גלח, אַ גרויסער רשע, וואָס האָט בשום אופן נישט געוואָלט פאַרקויפן צו די ייִדן קיין פעלד אויף דעם צוועק. אָבער אַז די מגיפה איז אויסגעבראָכן האָט דאָס שכנותדיקע שטעטל נישט געלאָזן מער ברענגען די מתים, צוליב דער מורא, אַז די מגיפה זאָל זיך נישט דאָרט איבערטראָגן. גראָד האָט זיך געמאַכט, אַז דער גלח האָט געדאַרפט פאָרן קיין רוים, איז קהל אַוועק צום פאַרוואַלטער און איינגעקויפט אַ שטיק זאַמדיק פעלד הינטער דער שטאָט. אָבער אַ תנאי האָט דער פאַרוואַלטער אויסגענומען, אַז אויב דער גלח וועט צוריקקומען און נישט באַשטיין אויפן מקח, איז דאָס געלט פאַרפאַלן און די ייִדן מוזן אָפּרייניקן דאָס פעלד.

ביז דער גלח איז צוריקגעקומען זענען שוין אַ סך בערגלעך ערד געווען אויף דעם פעלד, און ווי נאָר ער האָט דאָס דערזען האָט ער גלייך געשיקט דעם פאַרוואַלטער אָנזאָגן קהל, אַז ער באַשטייט נישט אויפן קנין און מען זאָל תיכף אָפּרייניקן דאָס פעלד.

ר׳ אבאלע האָט געשיקט צום גלח שליחים, געשיקט מתנות. ער איז אַפילו גרייט געווען גוזר צו זיין, אַז די ווייבער זאָלן אָפּגעבן אַ טייל פון זייער צירונג דעם גלח, אָבער דער רשע האָט געשפּיגן מיט גיפטיקע רייד און זיך געהאַלטן ביי ס׳זייניקע.

און אַז די שליחים האָבן נישט געקאָנט פּועלן, איז ר׳ אבאלע אַליין געגאַנגען צום גלח.

— איך בין געקומען צו דיר — האָט ר׳ אבאלע אָנגעהויבן מיט געבעט — ווייל כ׳בין אין דער זעלבער לאַגע ווי אברהם אָבינו, וואָס האָט געדאַרפט בעטן ביי די בני־חת אַן אחוזת־קבר, אַ שטיקל פעלד קובר צו זיין שרהן.

דער גלח האָט אַפילו דעם רב נישט אַריינגעלאָזן אין שטוב אַריין, נאָר גערעדט מיט אים ביי דער שוועל, איבערגעשלאָגן אים די רייד:

— דו ביסט נישט אברהם אָבינו און איך בין נישט פון די בני־חת. איך וויל קיין ייִדישע ביינער נישט האָבן אויף מיין פעלד.

— אָבער — האָט ר׳ אבאלע געפּילט ווי טרערן שטיקן אים אין האַלדז — זע, וואָס ס׳טוט זיך אין שטעטל.

— אויב דו וועסט די טויטע גלייך נישט אַרויסנעמען, וועל איך הייסן זיי אויסגראָבן און וואַרפן פאַר די הינט!

ר׳ אבאלע האָט נאָך געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער דער רשע האָט אים אָפּגעשטופּט פון זיך און צוגעהאַקט די טיר פאַרן רבס פּנים.

איז ר׳ אבאלע אַוועק פון דער פּלעבאַניע מיט אַ פאַרביטערט האַרץ, און אַהיימגייענדיק האָט ער זיך אויפן וועג צעוויינט. ער האָט גוט געוווּסט, אַז דער גלח וועט האַלטן וואָרט.

— וואָס טוט מען? וואָס טוט מען? — האָט ער געביטערט און זיך געבראָכן די הענט.

אָנגעשפּאַרט אויפן שטעקן איז ער געגאַנגען מיטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און די ברייטע ברעמען פון זיינע אויגן האָבן פאַרשטעלט די אַפּלען. ער האָט נישט געזען דעם אַרום און נאָר זיך געהאַלטן ביי די טריט פון זיין שטעקן.

אין מיטן וועג שטעלט אים אָפּ עפּעס אַ ייִנגער בחור אין שטאַרק אָפּגענוצטע דאָרף־בגדים מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס, אָפּגעברענט אויפן פּנים און אין גאַנצן פאַרשטויבט.

— רבי, טוט ער אַ געשריי נאָענט פון רבס פּנים — רבי, וואָס וויינט איר?

ר׳ אבאלע האָט אויפגעהויבן זיינע פאַרוויינטע אויגן, אָנגעקוקט דעם פרעמדן בחור געוואָרפן אַ בליק אויף זיין הולך און באַשלאָסן ביי זיך: ניין, ער וועט זיך נישט אויסטענהען מיט אַזאַ איינעם. וואָס קאָן ער דען העלפן? אַ שאָד די צייט. קהל וואַרט. מען מוז זען עפּעס טאָן.

אָבער יענער האָט זיך געהאַלטן ביי ס׳זייניקע:

— רבי, איר מוזט מיר זאָגן!

ר׳ אבאלע האָט איינגעזען, אַז ער וועט זיך אַזוי שנעל פונעם בחור נישט אָפּטשעפּען, און פון דער צווייטער זייט איז אים געוווען געגוג ביטער אויף דער נשמה, האָט ער בלית־ברירה אויסגעגאָסן פאַר יענעמען זיין ביטער געמיט, ווי ער זאָל זיך וועלן אַראָפּריידן פונעם האַרצן, און דערציילט דעם גאַנצן אמת. דערציילט, אַז דער גלח האָט געזאָגט, אַז ער וועט אַרויסוואַרפן אונדזערע מתים פאַר די הינט. דער רב האָט זיך נאָך ביטער צעוויינט.

דער בחור וואָס האָט אין רבס אויגן אויסגעזען אַ שווייגנדיקער, אַ שטיקל תם, האָט אויפגעציטערט און אין גאַנצן זיך פאַרענדערט. דער רב זעט ווי

דעם בחורס אויגן הייבן אָן צו פלאַקערן. ער וואַרפט אַראָפּ דאָס זעקל פון די פּלייצעס, טרעט צו נענטער צום רב, רירט אָן די שפּיץ פון זיין לאַנגער באָרד און קוקט אים גלייך אין פּנים אַריין.

— רבי — רופט ער אויס מיט עקסטאַז — רבי, וויינט נישט און הערט וואָס איך זאָג אייך.

און אַז ר׳ אבאלע איז שטיל געוואָרן, האָט דער פרעמדער אויסגעשריגן אין איין אָטעם:

— אַ פלאַקער אין זיינע ביינער! די קישקעס זאָלן זיך דאָרט אין דעם רשע איבערדרייען. איך וועל אים שוין אָפּלערנען! נאָך היינט וועט אים אַ דונער־שלאַק טרעפן אין קאָפּ אַריין!

כאָטש ר׳ אבאלע האָט אין האַרצן געטראַכט, אַז דער גלח מעג טאַקע איינעמען אַ מיתה־משונה, איז אים אָבער נישט ניחא געווען די פּראָסטע קללות פון אַ גראָבן נפש און ער האָט זיך פון אים שנעל אָפּגעטראָגן מיט אַ שאַרפן בליק.

ר׳ אבאלע האָט זיין איינציקע געווער פון דער האַנט נישט אַרויסגע־לאָזן — תהילים זאָגן. ער האָט ווידער צוזאַמענגערופן אַ פּאָר מנינים ייִדן פון שטעטל און מ׳האָט זיך געשטעלט תהילים־זאָגן אויפן קול. מ׳האָט געזאָגט תהילים אַ גאַנצן טאָג, און געזאָגט מיט התלהבות, מיט געשריי און געוויין. מ׳האָט געעפנט דעם אָרון־קודש, מאַנכע האָבן זיך אַפילו קריעה־געריסן ס׳זאָל אָפּגעטאָן ווערן דאָס שלעכטס פון שטעטל, די מגיפה זאָל אויפהערן.

דער טאָג איז געווען אַ שיינער, אַ זוניקער, דער הימל אַ בלויער, אַ ליכטי־קער — איינער פון די שענסטע זומער־טעג. אָבער אין די הערצער פון די תהילים־זאָגער איז געווען חושך. זייערע האַרצרייסנדיקע קולות האָבן זיך געריסן עד לב השמים.

אַרום מנחה־צייט האָבן פּלוצעם, ווי פון העלער הויט, זיך באַוויזן שוואַרצע וואָלקנס אויפן הימל און באַלד נאָך דעם האָט גענומען בליצן און דונערן מיט אַזאַ קראַפט, אַז די שויבן האָבן אַזש אָנגעהויבן בראַזגען און קלאַפּן. דער רעגן האָט זיך געשטאַרקט און ס׳האָט אויסגעזען ווי דער הימל, די נאַטור וויינט מיט, מיט די תהילים־זאָגער.

די ייִדן אין בית־המדרש זענען געוואָרן דערשראָקן. זיי האָבן בחוש געזען ווי דער שטן שטאַרקט זיך. אָבער דווקא אין דעם שטורעם האָט

ר׳ אבאלע נישט געלאָזט איבעררייסן דאָס תּהילים־זאָגן, ווייל אין די רגעס פון בליץ זענען די שערי־רחמים אָפן און מ׳קאָן זיך דעמאָלט אויס־בעטן וואָס מ׳וויל.

ווען דער שטורעם האָט זיך עטוואָס איינגעשטעלט האָט זיך ראַפּטעם אַריינגעריסן אַ פאַרסאָפּעטער ייִד מיט אַן אויסגעשריי:

— אַ דונער האָט געטראָפן דעם גלח אין קאָפּ אַריין.

ר׳ אבאלע איז געבליבן זיצן אַ פאַרציטערטער. ער האָט בחוש פאַר־שטאַנען, אַז דאָס איז מקוים געוואָרן די קללה פון דעם פרעמדן בחור מיטן זעקל אויף די פּלייצעס. אַ פּחד האָט אים אַרומגענומען צוליב דעם זלזול מיט וועלכן ער האָט אין דעם נסתר פּוגע געווען. ווי שיקט זיך דאָס — האָט ר׳ אבאלע נאָכגעטראַכט — אַז אַזאַ יונגער בחור וואָס דרייט זיך אַרום קרוע־בלוע זאָל האָבן אַ דעה בשמים? אַז וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט האָט מען אים באַלד צוליב־געטאָן. אין ר׳ אבאלעס אויערן קלינגט נאָך זיין שאַרפע קללה: „נאָך היינט וועט אים אַ דונער־שלאַק טרעפן אין קאָפּ אַריין". ער האָט נישט אָפּגעלייגט. ער האָט אַפילו נישט געזאָגט ברמיזה, אָדער בדרך תּפילה, נאָר פּשוט געגעבן אַ צו — אַ באַפעל. ער האָט זיך נישט פאַרלאָזט אויף אַ שעת־הכושר, נאָר געגעבן אָנגעזאָגט היינט. דווקא היינט! ס׳איז דאָך באַשיינפּערלעך צו זען, אַז די גאַנצע זאַך איז נישט קיין פּשוטע. איז דאָך אַ גאַנצן טאָג נישט געווען צו זען קיין וואָלקנדל אויפן הימל און דאָ, פּלוצעם אַזאַ שטורעם, וואָס האָט געקערט וועלטן? און אַז יאָ אַ דונער? אַזוי פיל פּאַסטעכער זענען געווען אויף די פעלדער, אַזוי פיל הויכע טאָפּאָלעס שטייען אויף די וועגן. אַזוי פיל פערד זענען געשטאַנען אויף דער גאַס, אַזוי פיל פויערים אין נאַסע בגדים זענען געלאָפן פון די פעלדער. קיינעם האָט אין דער סביבה נישט געשאַדט, נאָר דווקא האָט דער שלאַק געטראָפן אים, דעם רשע, וואָס האָט מיך געמאַכט ווייגען. און אָט דער בחור, ווען ער האָט מיך געזען וויינען, האָט געשיקט אַ קללה אויפן גלחס קאָפּ... דערמיט האָט ער, מסתמא, געוואָלט גרינגער מאַכן מיין האַרץ.

ניין, ר׳ אבאלע האָט דעם בחור נישט געקענט. ער האָט אַפילו נישט געוווּסט זיין נאָמען און פון וואַנען ער קומט, און פון ווו ער שטאַמט, ווייל אַ גאַנצע וואָך איז ער אַרומגעגאַנגען מיטן זעקל אויף די פּלייצעס אין די

דערפֿער און נאָר אויף שבת איז ער אַהיימגעקומען אין שטעטל אַריין. קיין באַשטימט הויז האָט ער נישט געהאַט. געשלאָפֿן אַ מאָל דאָ און אַ מאָל דאָרט — ביי אָרעמעלייט.

אַלע אין בית־המדרש האָבן זיך געפריייט מיטן גלחס שוואַרצן סוף, אָבער ווען זיי האָבן אַ קוק געטאָן אויפֿן רב, האָבן זיי געזען ווי זיין פּנים איז ווייס ווי קרייד און אַז ער ציטערט ווי אַ פֿיש. ער איז געזעסן ביי דער מזרח־וואַנט אויף זיין ברייטן שטול מיטן פּנים צום עולם. מיט איין האַנט האָט ער זיך פֿאַרשטעלט די אויגן, און פֿאַר זיינע אויגן איז נאָך אַלץ געשטאַנען דער בחור מיטן זעקל אויף די פּלייצעס. ווער ווייס מיט ווּעמען ער האָט היינט געהאַט צו טאָן?... ער איז געווען שטאַרק באַזאָרגט: אפשר האָט זיך דער בחור נאָר איין מאָל באַוויזן צו אים און ער וועט אים שוין מער נישט זען? ער האָט זיך גענומען באַכּפֿרעגן ביי די ייִדן, אויב זיי קענען נישט איינעמען, אַ פֿרעמדן בחור אין דאָרפֿישן הולך מיט אַ זאַק אויף די פּלייצעס?

די ייִדן האָבן גענומען נאָכזוכן אין זכרון, אָבער קיינער פֿון זיי האָט זיך נישט דערמאָנט אין אַזאַ איינעם. ביים סוף האָט זיך אַ הינטערשטאָטישער איינוווינער געכאַפּט, אַז דער רב מיינט אַוודאי דעם דאָרף־גייער, און ער האָט אויסגערופֿן פֿאַרוווּנדערט: ער? יאָ, איך קען אים, דאָס איז אַן אָרעמער בחור, וואָס דרייט זיך אַרום איבער די דערפֿער, און בלויז אויף שבת קומט ער אַהיים. אָבער אין בית־המדרש אַריין קומט ער קיין מאָל נישט:

דערהערט אַזאַ מעשה, זענען די ייִדן בשתומם געוואָרן און פֿאַרשטאַנען, אַז די זאַך איז נישט אַזוי פּשוט. עפּעס שטעקט דאָ אַ טיפֿערער מיין. אָבער קיינער האָט נישט געוואַגט איבערצופֿרעגן דעם רב. מסתמא וועט זיך די זאַך אויפֿקלערן.

דער רב האָט געקנייטשט דעם שטערן ווי ער זאָל עפּעס נאָכטראַכטן און אַ פֿרעג־געטאָן.

— ווייסט ווער, ווי ער הייסט?

— ניין.

די ברעמען ביים רב האָבן זיך פֿאַרצויגן און ער האָט איצטער מיט אַ העכער קול גענומען מוסרן:

— ווי קאָן דאָס זיין, אַז אַ יונגער בחור דרייט זיך אַרום אין דער שטאָט

און קיינער ווייסט נישט ווער ער איז, וואָס ער איז? אַ זאַך וואָס איז נישט געהערט געוואָרן! און פאַר וואָס קען איך אים נישט?

— אויב אַזוי, רבי וועלן מיר אים ברענגען דאָ אין בית־המדרש אַריין.

דאָס איז אייגנטלעך געווען, וואָס ר׳ אבאלע האָט געוואָלט. אָבער ער האָט גלייך אויסגעבעסערט:

— נישט אין בית־המדרש אַריין, נאָר פאַרבעט אים צו מיר אין שטוב אַריין.

די ייִדן זענען שוין גאָר צעטומלט געוואָרן. ס׳איז דאָך נישט דער שטייגער פירעכץ פון זייער רב.

ווי נאָר דער בחור האָט געעפנט די טיר איז אים ר׳ אבאלע אַקעגנגעגאַנגען און געגעבן שלום עליכם. דערנאָך האָט ער זיך מיט אים אָפּגעשלאָסן אין אַלקער און אָנגעהויבן שמועסן וועגן טיפע ענינים און דער עיקר: ער זאָל זיך פאַר אים אויסגעבן ווער ער איז. אָבער יענער האָט נישט פאַרשטאַנען די פאַרהוילענע לשון־קודשדיקע רייד, וואָס דער רב האָט אַריינגעמישט און ער האָט אַ בורטשע געטאָן:

— רבי, רעדט צו מיר פּראָסט ייִדיש.

ערשט איצט האָט זיך ר׳ אבאלען אויסגעדאַכט, אַז ס׳איז נישט דאָס, וואָס ער האָט געמיינט... און ער האָט פאַרקירעוועט דעם שמועס אויף געוויינלעכע זאַכן:

— ווי הייסטו?

— הערשל.

— פון וואָס לעבסטו?

— פון גאָטס גענאָד לעב איך, רבי.

ר׳ אבאלע האָט חרטה געהאַט אויפן ערשטן קוק אַז „ס׳איז נישט דאָס, וואָס ער האָט געמיינט" עפּעס — האָט ער געזען — שטעקט יאָ אין דעם בחור. אלא וואָס? ער וויל זיך נישט אויסגעבן... ווייל וואָס מער דער נסתר קאָן זיך באַהאַלטן, אַלץ גרעסער איז ער, אַלץ מער קיום האָט ער.

הערשל האָט אַ זיפץ געטאָן.

— וואָס פעלט דיר הערשל? — האָט ר׳ אבאלע געפרעגט און געהאַפּט, אַז דאָ וועט ער פון אים עפּעס אַרויסבאַקומען. אָבער הערשל האָט געענטפערט פשוט:

— אַ כלה. און מיט גאַסט חסד אַ ווייב פעלט מיר, רבי.

דער רב האָט זיך גוט איינגעקוקט אין הערשלען און זיך געוווּנדערט:

— וואָס האָסט זיך עפּעס איצט דערמאָנט אין מיטן דער מגיפה?

— ווייל... ווייל שלעכטע מחשבות באַפאַלן מיך און כ׳מוז זיך פון זיי אָפּיאָגן ווי פון בייזע הינט. די שלעכטע מחשבות פאַרמינערן מיר די צייט צו עבודת הבורא.

ר׳ אבאלע איז געבליבן זיצן ווי אַלע אברים וואָלטן געווען ביי אים אָפּגענומען, אָבער באַלד האָט זיין פּנים אויפגעלויכטן ווי די שכינה וואָלט אויף אים אַ שיין־געטאָן. אָט דאָס איז עס! — האָט ער אַזש אַ פּאַטש־געטאָן מיט די הענט. זינדיקע מחשבות ביי אַ בחור קאָנען גורם זיין צו דער מגיפה...

ר׳ אבאלען איז אַ ביסל לייכטער געוואָרן אויפן האַרצן. ער האָט דערפילט ווי דער שליסל צו דער ישועה, די מגיפה זאָל זיך אָפּשטעלן, האָט מען אים ממש געגעבן אין די הענט אַריין, און ווי מ׳וואָלט אים אַ ווונק געטאָן מן השמים ווער ס׳איז דעם בחורס זיווג, האָט ער זיך גלייך דערמאָנט אין כינקען, די קיילעכדיקע יתומה וואָס דינט אין אַ גביריש הויז. מ׳האָט געזאָגט אויף איר, אַז זי איז שיין און פרום, נאָר קיין מזל האָט זי נעבעך נישט. אין דער גאַס זעט מען זי נישט, ווייל זי איז פאַרהאָרעוועט. צום רב קומט זי טייל מאָל אַרויף פרעגן אַ שאלה. און אַז ס׳קומט שבת — דערציילט מען — זיצט זי אַ גאַנצן טאָג אין שטוב און לערנט זיך ביי די באַלעבאָסטע דאַוונען. אַ סך מאָל האָט מען שוין אין בית־דין־שטיבל וועגן דער יתומה גערעדט, אָבער מיט וועמען זי חתונה צו מאַכן איז נישט געווען. אַלע די־אָ געדאַנקען זענען אַדורכגעלאָפן אין ר׳ אבאלעס מוח וויניקער ווי אַ רגע. באַלד איז ער ראַש אויפגעשפּרונגען:

— הערשל! — האָט ר׳ אבאלע אים אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט ביי די אַקסלען — פּונקט אַזוי ווי דו האָסט פאַרלאַשן דאָס לעבן פון דעם גלח, דעם רשע, אַזוי מוזסטו אויך אויסלעשן די מגיפה! כינקע, די שיינע כשרע טאָכטער איז פון אַצינד־אָן דיין כלה און איך בין גוזר אויף דיר, זאָלסט באַשטיין, אַז די חופה זאָל מען שטעלן אויפן בית עולם.

הערשל האָט אַ צאַפּל־געטאָן, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שטילגעשוויגן.

— פאַר וואָס ענטפערסט דו מיר נישט? כאַפּט אים ר׳ אבאלע אָן ביי דער האַנט.

— רבי, איר פאַרלאַנגט פון מיר צו פיל...

איי, — טראַכט זיך ר׳ אבאלע — דאָ האָב איך אים געכאַפּט...

אָבער הערשל האָט גאָר עפּעס אַנדערש אין זינען געהאַט:

— רבי, איך וויל אייך פרעגן אַ שאלה:

— פרעג!

— צי מעג מען אַ שיינע יידישע טאָכטער פאַרקנסן צו אַ בחור אַ נע ונדניק, וואָס מען ווייסט נישט ווער ער איז? נאָך דערצו צו אַזאַ אָרעמען בחור?

ר׳ אבאלען איז אַזש אַדורך אַ סקרוך איבערן לייב. אָבער ער האָט געוווסט אין וואָס ס׳גייט; וועט ער נישט גובר זיין, וועט די מגיפה אָנהאַלטן. ער האָט זיך אויסגעגלייכט און מיט אַ פעסטע שטימע געזאָגט:

— איך זאָג, אַז מען מעג! מען מעג כינקען דיר געבן פאַר אַ ווייב און זי וועט באַשטיין.

רבי, איז דאָס אַ פּסק?

— יאָ, הערשל. דאָס איז אַ פּסק־דין שאין לערר עליו!*

אויב אַזוי רבי, וויל איך איר זאָלט גלייך נאָך דער חופה אַרויסגעבן נאָך אַ פּסק...

— דהיינו?

— אַז די מגיפה אין שטעטל זאָל אויפהערן...

דעם זעלבן טאָג נאָך האָט דער רב צונויפגערופן אַן אסיפה פון די שענסטע יידן אין שטעטל און זיי דערציילט די מעשה מיט הערשלען. דער־הערט אַזאַ מעשה האָבן די גבירים גלייך אויפן אָרט צונויפגעקלאַפּט געלט און מען איז באַלד אַוועק דינגען אַ דירה און צוויי הילצערנע עמערס מיט אַ שאַנדרע פאַר הערשלען. נישטאָ קיין אָרעם קהל, נאָך דערצו אין אַזאַ צייט.

דאָס גאַנצע שטעטל איז געקומען צו הערשלס און כינקעס חופה, וואָס איז פאַרגעקומען אויפן בית־עולם און — די מגיפה אין שטעטל האָט זיך איינגעשטילט.

✶

---

* אַן אורטייל אויף וועלכן מ׳קאָן נישט אַפּעלירן.

אין דער מגיפה האָט שוין דאָס שטעטל לאַנג פאַרגעסן, אָבער וועגן הערשלס קללה, וואָס איז מקוים געוואָרן אויפן רשעס קאָפּ האָט מען נאָך געהאַלטן אין איין ריידן.

הערשל איז געוואָרן דער וואַסער־טרעגער פון שטעטל.

אַז ער איז אַריינגעקומען אין אַ שטוב אָנגיסן וואַסער איז געווען ווי ער וואָלט אַריינגעברענגט מזל אין שטוב אַריין. די באַלעבאָסטעס האָבן אים מיט פרייד אָקעגנגעטראָגן די פּאָר גראָשן. הערשל האָט צוזאַמענגעקליבן די גראָשנס, נישט פאַרגונען זיך אַ גראָשן אויסצוגעבן און אַלץ אַהיימגע־טראָגן צו זיין ווייב כינקען.

כינקע, הערשלס ווייב, איז געווען די גוטסקייט אַליין. און שיין איז זי געווען ווי די זון. אין דעם קליינעם שטיבל מיט דער ליימענער פּאָדלאָגע — איז נישט געווען קיין איין שטיקל לייטיש מעבל, אַפילו קיין קופּערט האָט זי נישט געהאַט ווו אַריינצולייגן דאָס ביסל זאַכן. קיין בילדער פון צדיקים האָבן נישט געהאָנגען אויף די ווענט. קיין קופּערנע פּאַנען האָבן נישט אַראָפּ־געגלאַנצט קעגן איבער דער קיך, אָבער ריין איז דאָרט געווען, אַז מען האָט זיך געקאָנט שפּיגלען אין יעדער זאַך. דער מערזער מיט די מעשענע שבת־לייכטער האָבן געבלישטשעט ווי לויטער גאָלד און דאָס חלה־טישטעכל האָט געפּאַכלט פון ריינקייט.

אין שטוב דרייט זי זיך אַרום ווי אַ שטילע טויב און יעדן טאָג וואַרט זי אָפּ מיט גרויס דרך־ארץ ביז דער מאַן וועט אַהיימקומען כדי אים אויפ־צונעמען מיט ליבשאַפט און שטענדיק האָט זי גרייט אויפן טיש אַ ביסל וואַרעם געקעכץ פאַר אים.

אַז הערשל קומט אין שטוב אַריין שטעלט ער אַוועק די קובלעס און די שאַנדרע אין אַ ווינקל ביי דער טיר, וואַשט זיך צום ראַזעווע ברויט, זאָגט שטיל שאו ידיכם, מאַכט אַ ברכה און ביידע זעצן זיך אַוועק ביים טיש עסן.

מיטן וואַסער־טראָגן וועט הערשל פאַרטיק ביזן האַלבן טאָג. ווייל וויפל יידן האָבן דעמאָלט געוווינט אין שטעטל, וואָס האָבן זיך געקאָנט פאַרגינען מ׳זאָל זיי ברענגען וואַסער אין שטוב אַריין? די איבעריקע צייט האָט הערשל פאַרבראַכט ביי ר׳ אבאלען.

דער רב האָט אים שטאַרק מקרב געווען, געמאַכט אים פאַר אַן אונטער־

שמש. ער האָט אויסגעקערט דאָס בית־המדרש, אָנגעצינדן ליכט און אָנגע־טראָגן וואַסער.

הערשל האָט ליב געהאַט לאַנג צו דאַווענען. זיין דאַווענען איז בכלל געווען אַ פּלא. ער האָט געהאַט זיין מזמור, זיין אייגענע שירה צום באַשעפער. טייל האָבן אים געהאַלטן פאַר אַן עם־הארץ, וואָס דאַוונט לאַנג, ווייל ער קאָן זיך נישט קיין עצה געבן מיט דער עברי, ווי דער שטייגער פון פאַר־גרעבטע יונגען. אַנדערע — און ר׳ אבאלע בתוכם — האָבן געקוקט אויף הער־שלס דאַווענען ווי עפּעס אויף אַ דאַווענען פון אַ נסתר, פון אַ פאַרבאָרגענעם צדיק. ליב געהאַט האָט הערשל צו דאַווענען ביחידות, אַליין. מיטן דאַווענען האָט ער זיך נישט געאיילט, נאָר געזאָגט וואָרט ביי וואָרט. נישט געוואָלט זיך אַליין אָפּנאַרן, אָבער ס׳איז אים פאָרט אָנגעקומען שווער צו דאַווענען פון סידור־אַרויס. דעם „מזמור שיר ליום השבת״ האָט ער אויסגעזוונגען פון אויסנווייניק אויף פּראָסט יידיש. ער האָט אין מיטן פון יעדער תפילה אַריינ־גערעדט זיין אייגן געבעט אויף יידיש־לשון. ער האָט געדאַוונט מיט גרויס כוונה. אַלע תפילות זענען אים געווען נאָענט צום האַרצן. אָבער דעם גרעסטן טעם האָט ער געפונען אין תהילים. אַז הערשל האָט אָנגעהויבן זאָגן תהילים מיט זיין ניגון, איז פאָרגעקומען ווי עס וואָלט צוגעשפּילט דוד המלכס פידעלע.

און כאָטש ער האָט אַ סך צייט אַוועקגעגעבן פאַר עבודת הבורא האָט הערשל נישט געפונען קיין תיקון פאַר זיך. ס׳האָט אים עפּעס געפעלט. עפּעס האָט ער באַגערט און נישט געוווסט וואָס.

איין מאָל האָט ער אַ זאָג געטאָן צו כינקען: — ס׳איז נישט גענוג וואָס מ׳דינט דעם בורא עולם אַליין, פאַר זיך, מ׳דאַרף אויך אַנדערע וועקן צו עבודת הבורא. כינקע האָט צוגעשטימט.

פון דעמאָלט אָן איז ער סיי זומער און סיי ווינטער אויפגעשטאַנען נאָך אַ שטיק פאַרן אויפשפּראָץ פון טאָג, אַ קוש געטאָן די מזוזה און זיך געלאָזן איבער די יידישע געסלעך וועקן צו תהילים. זיין סאַמעטן קול האָט מען געהערט איבערן גאַנצן שטעטל און ס׳איז אַריינגעדרונגען דורך די שפּאַלטן פון די לאָדנס גלייך אין די הערצער פון די שלאָפנדיקע יידן און זיי אַרויס־געריסן פון די בעטן. אַפילו קינדער אין די וויגן האָבן שוין דערקענט זיין ניגון.

הערשלס ווערן אין די פּאַרטאָגן: „יִדעלעך שטייט אויף צו תּהילים״ איז צעגאַנגען אין אַלע אברים. צווישן זיך האָט מען געשמועסט, אַז הערשלס קול עפנט די שערי־רחמים.

איין מאָל מאַכט זיך אַ מעשה, אַז דער גאון ר׳ שלמה אייגער איז געבליבן אויף שבת אין שטעטל. פאַרטאָג, ווען הערשל איז צוגעקומען צו די פענצטער פון גביר, ווו דער גאון איז איינגעשטאַנען און אויסגעזונגען זיין „שטייט אויף יִדעלעך צו תּהילים!״ האָט זיך ר׳ שלמה אייגער אַ ריס־אויף געגעבן פון בעט. ער האָט דערפילט, אַז דער זיסער ניגון פון תּהילים־וועקער האָט אין אים אָנגעצונדן אַ פייער, אַ התלהבות צו עבודת הבורא. אַ סך מאָל האָט מען אים שוין געוועקט צו תּהילים, אָבער אַ קול, וואָס זאָל זיך אַריינרייסן אין אַלע זיינע רמ״ח אברים האָט ער נאָך נישט געפילט. ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז נישט קיין פּראָסטער שמש האָט דאָס קול אויסגעזונגען. אַזאַ קול עפנט אַלע זיבן הימלען. ער האָט אָנגעהויבן חוקר ודורש זיין ווער ס׳איז דער תּהילים־וועקער, און אַזוי געמאַכט, אַז הערשל זאָל אים באַדינען.

ר׳ שלמה אייגער האָט הערשלען נאָכגעקוקט אויף טריט און שריט און קיין שום פאַרבאָרגענע זאַכן, אָדער אויסטערלישע אויפפירעכצער ביי אים נישט געזען. אָבער אַ חשד, אַז ער איז נישט קיין געוויינלעכער בשר־ודם — האָט ער יאָ געהאַט. עפּעס שטעקט אין דעם הערשלען. מען דאַרף מיט אים כאַפּן אַ טיפערן שמועס. אָבער וויפל מאָל ער האָט געפּרוווט מיט אים ריידן, האָט הערשל אַראָפּגעפירט דעם שמועס אויף אַנדערע וועגן און צו קיין טאָלק איז עס נישט דערגאַנגען. טייל מאָל האָט ר׳ שלמה אייגער געטראַכט, אַז הערשל איז אַ פּראָסטער חי וקים, וואָס האָט נישט וואָס צו ענטפערן, און טייל מאָל האָט זיך אים געדאַכט, אַז הערשל טראַכט אַנדערש און רעדט אַנדערש, משמעות ער וויל זיך נישט אויסגעבן. מען קאָן גאָרנישט וויסן.

איין מאָל איז הערשל פּלוצעם צוגעגאַנגען צום גאון און אים געפרעגט:

— רבי, מעג מען ריידן צו גאָט אויף פּראָסט יִדיש?

ר׳ שלמהלע אייגער האָט אים גוטמוטיק אָנגעקוקט און געענטפערט:

— צום רבונו של עולם, קאָן מען אויך ריידן אָן לשון, ווייל דאָס לשון, וואָס גאָט ברוך הוא פאַרשטייט, איז דאָס, וואָס עס פליסט פון מענטשנס

מחשבה, פון זיין האַרץ. וואָס מער קדושה עס שטעקט אין מענטשן, ווען ער דערנענטערט זיך מיט דער מחשבה צו גאָט, אַלס שענער איז זיין שפּראַך, אַפילו אָן לשון, איז ער דאָך אַ יודע מחשבות.

הערשל האָט מער נישט געפרעגט, נאָר זיינע ליכטיקע אויגן האָבן געפינקלט ווי שטערן.

איין מאָל זאָגט ר׳ שלמה אייגער:

— הערשל, זינג עפּעס!

— חלילה!

— פאַר וואָס?

— איך קען נישט זינגען.

— פאַר וואָס קענסטו יאָ וועקן צו תהילים מיט אַזאַ שיינעם ניגון?

— דאָס איז עפּעס אַנדערש! דאָס איז עבודת הבורא!

נאָך דעם דאָזיקן קורצן שמועס האָט ר׳ שלמה אייגער איינגעזען, אַז ער איז גוט אַריינגעפאַלן. דאָס גאַנצע לעבן היט ער זיך אויס, אַז ס׳זאָלן אים נישט באַדינען קיין תלמידי חכמים, און דאָ גאָר באַדינט אים אַ למד־וואָווניק? אויף אַ מינוט האָט ער געפרוווט אָפּוואַרפן דעם געדאַנק. אפשר האָט ער אַ טעות? מאַלע, וואָס עס דאַכט זיך? אָבער ניין, זיין טביעת־עין נאַרט אים נישט. איי ער וויל בלייבן אַ נסתר, דאַרף מען אים נישט ביישן.

אויף צו מאָרגנס נאָכן שמועס מיט הערשלען קומען אַריין צום גאון די פּני פון שטעטל זיך שואל־עצה זיין וועגן אַ וויכטיקן ענין. נאָכן באַקומען אַ קלאָרע תשובה, פרעגט אים איינער, צי ער איז צופרידן פון דער אַכסניה?

— יאָ, אַלץ גוט און ווויל. אָבער... צי איז נישטאָ ביי אייך אין שטעטל אַן אַנדערער, וואָס זאָל מיך באַדינען?

— שייך?... און הערשל?...

— ס׳וואָלט אַלץ גוט געווען — זאָגט ר׳ שלמה אייגער — נאָר ס׳באַדינט מיך אַ צו גרויסער נגיד. נגידים זענען פאַראַן אַ סך. אין וואַרשע זענען דאָ גרויסע גבירים, אָבער אַזאַ גביר, וואָס באַדינט מיך איז זעלטן צו טרעפן. ער איז אַזאַ פייער־צינדער צו עבודת־הבורא, האָט אַזאַ וואַרעם יידיש האַרץ. אַ קוואַל פון גוטסקייט שטראָמט פון אים און אַן התלהבות פון צדיקים שטעקט אין אים — ער איז אַ גרויסער גביר. אַזאַ עושר איז נישט בנימצא! איז שוין נישטאָ ביי אייך אין שטעטל קיין אָרעמאַן וואָס זאָל מיך באַדינען?...

די פּני העיר האָבן אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן.

— וועמען מיינט דאָס דער גאון?

— וואָס הייסט וועמען? און אַליין פֿאַרשטייסטו דען נישט, אַז ער מיינט דעם תּהילים־וועקער.

— טאַקע הערשלען?

— אוי, וואַ? אוי וואַ?...

— ווער האָט זיך דאָס געזאָלט ריכטן...

# דערלעבט נחת

דאָס געסל וווּ ס'האָט זיך געפונען בונים מלמדס חדר, איז געווען אַ באַוועגלעכס, אַז מען איז געגאַנגען אין מאַרק אַריין, האָט מען געמוזט פאַרבייגיין דאָס דאָזיקע געסל. שטענדיק האָט דאָ געטומלט און גערוישט. ווער שמועסט נאָך אין אַ מאַרק־טאָג, אָדער ווען ס'איז פאָרגעקומען אַ יאַר־ריד — אין אַזאַ טאָג האָבן זיך די משונהדיקע קולות פון עופות און בהמות אויסגעמישט מיט דעם געפילדער פון די מענטשן און ס'איז אַנטשטאַנען אַזאַ האַרמידער, אַזאַ ליאַרעם, אַז הימל עפן זיך. אָבער איבער אַלע די קולות האָט זיך אַריבערגעהויבן דאָס זיסע קול פון תורה, וואָס האָט זיך געטראָגן פון בונים מלמדס חדר. ס'האָט אויסגעזען ווי דער גאַנצער אַרום האָט מיט אַ מאָל איינגעהאַלטן דעם אָטעם. בחוש האָט מען דערפילט, אַז די ריינע קינדערישע קולכלעך באַוועלטיקן דעם חול. אַז יידן האָבן דערהערט דעם תורה־ניגון, זענען זיי געוואָרן שטילער, געלאַסענער אין גאַנג, ווי זיי זאָלן וועלן איינזאַפּן אין זיך די זיסע קלאַנגען, וואָס האָבן זיי אַוועקגעפירט אין אַן אַנדערער העכערער וועלט. באַזונדערס די, וועלכע האָבן געהאַט קינדער אין בונימס חדר — זיי זענען נישט בלויז געווען פאַרכאַפּט פון דעם מתיקותדיקן תורה־ניגון, נאָר זיי זענען אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ באַהאַלטענער גדלות פונעם גערדאַנק, אַז אויך זיי האָבן אין דעם אַ חלק — אַ חלק עולם־הבא.

נישט אַלע קינדער האָט בונים מלמד אָנגענומען צו זיך אין חדר אַריין. ער האָט געקליבן זיינע תלמידים, ווי מען קלייבט פערל. און נישט דווקא גבירישע קינדער האָט ער געקליבן — חלילה, נישט אין געלט איז אים געגאַנגען, דער עיקר איז ביי אים געווען אַ ייִנגל מיט אַ גוט קעפּל. און האָט אַ קינד תּופס געווען ווי עס באַדאַרפט צו זיין דאָס לערנען, איז אים וויל געווען ווי די וועלט. פאַר אַזאַ תלמיד האָט בונים נישט געזשאַלעוועט די כוחות זיינע און געלערנט מיט אים לשמה, ווי מיט אַן אייגן קינד. בונים האָט געגלייבט באמונה שלימה, אַז נישט איינער פון זיינע תלמידים

וועט אויסוואַקסן צו אַ גדול בתּורה, וואָס די וועלט וועט זיך שפּיגלען אין אים. דערווייל האָט ער געלערנט מיט זיי גמרא און תּוספות — חומש מיט רש״י האָבן זיי שוין געקענט ווי אַ וואַסער — די ערשטע טריט אַרויס־צופירן זיי אויף אַ דרך.

אַ סך טאַטעס האָבן בונימען פּינקטלעך געצאָלט דעם שכר־לימוד און יעדן חודש געשיקט אים ראש חודש־געלט. אָבער אַ גרויסער טייל האָט נישט געקאָנט צאָלן. בונים האָט אַפילו נישט געדאַכט וועגן דעם. ביים לערנען זענען אַלע קינדער ביי אים געווען גלייך. ער האָט נישט געמאַכט קיין אונטערשייד פון אַ גבירס אַ זונדל, ביז אַ דאָרף־גייערס אַ יינגל. בלויז ביים קנייפּן האָט בונים געמאַכט אַן אונטערשייד, אָבער נישט צוליבן שטאַנד, חלילה, נאָר צוליב אָט וואָס: האָט אַ תּלמיד געהאַט אַן אָפענעם קאָפּ און פאַרנומען דעם שיעור, האָט ער באַקומען אַ שוואַכן קניפּ אין באַק, נאָר טאָמער האָט ווער געהאַט אַ פאַרשטאָפּטן קאָפּ און נישט תּופס געווען וואָס מ׳לערנט מיט אים, האָט ער באַקומען אַ שטאַרקן קניפּ, און בונים איז שוין נישט אָפּגעטרעטן פון אים און אַזוי לאַנג אַריינגעקנעלט אין אים דעם שיעור, ביז וואַנען ער האָט אים שוין געקענט פון אויסנווייניק.

די גרעסטע פרייד האָט בונים געהאַט ווען די תּלמידים זענען געווען אין מיטן ברען פון לערנען און דער גמרא־ניגון האָט זיך אַרויסגעטראָגן אין דרויסן אַרויס און זיך געקאָלערט איבערן געסל. אויך זי, בונימס ווייב, הינדע־לאה האָט אָנגעקוואָלן פון זייער לערנען און זיי ליב געהאַט— ס׳לעבן. זי האָט זיי אָפּגעהיטן ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג. זי פלעגט פאַר זיי בראָטן קאַרטאָפל, חנוכה האָט זי פאַר זיי געפּרעגלט לאַטקעס. און אַז די קינדער זענען אַהיימגעגאַנגען אין אַ ווינטערדיקן פאַרנאַכט, האָט זי זיי געהאָלפן אָנצינדן די לאַמטערנדלעך, צוגעקנעפּלט די פאַלטנדלעך, אַרומגע־בונדן די העלדזער מיט וואַרעמע שאַלעקלעך און אַרויסבאַגלייט זיי מיט ליבשאַפט, ווי דאָס טוט אַן אייגענע מאַמע.

ליב האָבן קינדער — אַפילו פרעמדע — איז אַ נאַטירלעכע זאַך. נישטאָ וואָס זיך צו חידושן. נאָך דערצו אַ יידישע מאַמע. ביי הינדע־לאהן, בונים מלמדס ווייב, איז עס אָבער יאָ אַ חידוש, מחמת די אייגענע קינדער אירע האָבן זיך נישט געהאַלטן ביי איר — אויף אַלע וויסטע פעלדער און וועל־דער געזאָגט. זי האָט שוין געהאַט עטלעכע קינדער, אָבער עפּעס אַ פּאַטום

איז געהאַנגען איבער זיי. אַלע זיי זענען ווי אַרויסגעכאַפּט געוואָרן פונעם וויגל אַרויס. קאָן זיין, אַז מיט איר ליבשאַפט צו פרעמדע קינדער האָט זי געוואָלט אָפּשרייען דעם ביטערן גזר־דין איבער אירע אייגענע קינדער. זי האָט עס נישט געקאָנט איבערטראָגן און גאַנצע טעג פלעגט זי זיצן און וויינען. זי האָט געוויינט שטיל און אַ מאָל אויך אויפן קול. אַ סך מאָל האָט זי געשטערט די לימודים און אָט־אָט האָט זיך שוין בונים געוואָלט אויף איר בייזערן, אָבער אַז ער האָט אַ קוק־געטאָן אויף אירע אויסגעווייקטע אויגן, וואָס האָבן געברונען מיט אַ קוואַל הייסע טרערן, האָט ער שוין גאָר־נישט גערעדט. פון שטענדיקן וויינען זענען פון אירע אויגן־לעפּלעך אַרויס־געפאַלן די האָר. די אויגן זענען טריב געוואָרן און אויסגעזען ווי די אויגן פון אַ בלינדע. אַז זי האָט געכליפּעט, האָט זי טייל מאָל אַריינגעהעשעט אַ פּאָר ווערטער. זי האָט געקלאָגט אויף אַ סך זאַכן, און אויך אויף דעם, אַז ס׳וועט קיינער נישט זאָגן קיין קדיש נאָך איר.

בונים מלמד האָט זיך נישט געבייזערט, נישט געביטערט און נישט געהאַט קיין תרעומות אויף גאָט ברוך הוא. ער האָט אָנגענומען אַלע קלעפּ באהבה. מסתמא איז אַזוי נגזר געוואָרן מן השמים. אָבער טייל מאָל פלעגט ער ווערן טרויעריק. דאָס איז געווען ווען ער פלעגט אַריינקוקן צו זיך אין דער נשמה און פּרווון אויסגעפינען אַ חטא, וואָס זאָל באַרעכטיקן דעם ביטערן גזר, וואָס איז אויף אים אויסגעגאָסן געוואָרן. אָבער ער האָט נישט געפינען קיין שמץ פון וועלכן ס׳איז חטא. אין אַזוינע מאָמענטן פלעגט ער זיין שטאַרק צעטראָגן און די קינדער זענען געווען עדות ווי זייער רבי גייט פלוצעם אַוועק פון טיש, גלייכט אויס די פּלייצע, לויפט אַרום איבער דער גרויסער שטוב, דער טלית־קטן איז צעשפּרייט, זיין פּנים איז צעפלאַמט און פון אָפענעם העמד קוקט־אַרויס אַ ברייט־צעוואַקסענע ברוסט. אַזוי לויפט ער אַהין און צוריק ביז ער שטעלט זיך ווידער אָפּ ביי דער רביצין מיט אַ גרימיקן ברום:

— איך וועל נישט שווייגן! כ׳וועל נישט רוען שרייט ער — און זיין באָרד טרייסלט זיך פאַר אויפרעגונג — כ׳וועל פאָרן פון איין גוטן ייִדן צום צווייטן, ביז וואַנען מיר וועלן געהאָלפן ווערן!

הינדע־לאה פלעגט אויסברעכן אין אַ געוויין. געפילט האָט זי, אַז עס ווערט איר אַ ביסל לייכטער אויפן האַרצן, ווייל אויף אַן אַנדערן וועג —

האָט זי געוווּסט — קאָן זי נישט אויפגעריכט ווערן, סיידן נאָר אַ ברכה פון רבין.

אָבער ווען בונים מלמד איז געקומען צום רבין און אָנגעהויבן מיט אים איינצוטענהן וועגן דעם, אַז די קינדער כאָוען זיך אים נישט, אַז זיין ווייב הערט נישט אויף צו וויינען און זי איז שוין כמעט בלינד אויף די אויגן, האָט ער באַמערקט ווי דער רבי ווענדט־אָפּ דעם שמועס אויף עפּעס אַנדערש. נישט נאָר וואָס ער ענטפערט אים נישט צו דער זאַך, נאָר ער הייבט אָן אויספרעגן וויפל תּלמידים ער האָט אין חדר, ווי די קינדער לערנען זיך, צי זיי זענען יִראת־שמים, אָבער אויף דעם, וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין קוויטל האָט דער רבי נישט געענטפערט. בונים האָט פאַר־שטאַנען, אַז „די טויערן זענען פאַרמאַכט". האָט ער זיך אין גאַנצן אָפּגעע־האַלטן צו פאָרן צו רביים.

איין מאָל, ווען הינדע־לאה האָט אים שטאַרק דערקוטשעט מיט איר געוויין, האָט ער מער נישט געקאָנט צוזען איר צער, וואָס האָט איר גרוי און אַלט געמאַכט. ער האָט פאַרביסן געשוויגן, אָבער פאַר טאָג האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און אַוועק צום רבין. אויפן וועג האָט ער אָפּגעמאַכט מיט זיך, אַז דאָס מאָל וועט ער נישט אַוועק מיט ליידיקע הענט — ער וועט נישט פריִער אַהיימקומען, ביז דער רבי וועט אים צוזאָגן.

לייכט איז בונימען ביים רבין נישט אָנגעקומען, אָבער ער האָט זיך איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט אָפּטרעטן:

— רבי, גיט מיר אייער ברכה!

און אַז ער האָט געזען, אַז דער רבי שווייגט, דרייט זיך אין אַלע זייטן און וויל אים קיין ברכה נישט געבן, איז אויף בונימס שטערן אַרויסגעטרעטן אַן אַנגסשווייס און ער האָט אַ כליפּ־אַרויס געטאָן:

— רבי, כ'בין אויף מיר מקבל אַלץ, אַבי מיין זון זאָל מיך איבערלעבן! אָן דעם גיי איך נישט אַוועק!

ערשט דעמאָלט האָט דער רבי אַ זאָג־געטאָן:

— נו, בונים, אויב דו ווילסט דווקא, אַז דיין זון זאָל מאריך ימים ושנים־זיין, גיב איך דיר מיין ברכה.

דער רבי האָט אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויף בונימס קאָפּ און בכוונה גענומען אויפן קול ציילן די ווערטער:

— יהי רצון, אַז דיין זון יודל, וואָס ליגט נאָך ביי דיר אין וויגל זאָל ביי דיר בלייבן!

און נאָך דעם ווי דער רבי האָט אַראָפּגענומען די הענט פון בונימס קאָפּ האָט ער צוגעגעבן:

— אָבער געדענק, בונים, וואָס דו האָסט געזאָגט; ביסט אויף דיר מקבל אַלץ...

בונימען איז אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן, איז געוואָרן אויפגעלייזט פון דער שווערער משׂא, וואָס האָט אים געדריקט און ער איז וואָס גיכער אַוועק אָנזאָגן הינדע־לאהן די בשורה־טובה, אַז דאָס ייִנגל בלייבט שוין ביי זיי.

מיט יודלען האָט הינדע־לאה געהאַט דעם שווערסטן געבורט. דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן גרעסער ווי אַלע פריִערדיקע. ער איז געפאַלן אויף דער וועלט מיט אַ גרויס געשריי. מ׳האָט געקאָנט מיינען, אַז אַ חדר־ייִנגל שרייט. אין וויגל איז ער נישט איינגעלעגן רויִק, נאָר זיך געוואָרפן, אַז ער האָט שיער נישט איבערגעדרייט דאָס וויגל. און אַז ער איז געווען הונגעריק, האָט ער געמאַכט קולות עד לב השמים. און אַז ער האָט גענומען גיין, איז דאָס ערשט געווען דער אמתער מזיק. וואָס ס׳איז אים געקומען אונטער די הענט האָט ער צעהאַקט, צעבראָכן און אַפילו איבערגעדרייט דאָס וואַסער־פאַס, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל פון שטוב. אַ שאַדן־ווינקל.

טאַטע־מאַמע האָבן איבער דעם ייִנגל געציטערט און געפלאַטערט. מ׳האָט אים געקליידט אין ווייסן און ביי דער מינדעסטער קלייניקייט האָט מען אים אָפּגעשפּראָכן אַן עין־הרע. און טאָמער האָט מען געזען אַן אַלטע גויע וואָס מ׳האָט געזאָגט אויף איר, אַז זי איז עפּעס אַ שטיקל מכשפה, האָט מען דאָס קינד אַריינגעכאַפּט אין שטוב אַריין.

יודל איז שוין געווען אַ קרעפּטיק ייִנגל און ער האָט דווקא זיך געוואָלט אַרויסרייסן אין דרויסן און נאָכיאָגן זיך נאָך פערדלעך, רייטן אויף ציגן, אָבער ווי מ׳האָט געקאָנט האָט מען אים אָפּגעהיטן.

בונים מלמד האָט זיך קוים געקאָנט דערוואַרטן ביז וואַנען ער זאָל אים אַוועקזעצן אויף דער חדר־באַנק, אויפמישן אַ סידורל און אים צוטייטלען

מיטן טייט־העלצל, אָבער ווי נאָר ער האָט געזען, אַז ס'איז שווער אין אים אַריינצופּאַקן דעם אלף־בית, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז קיין גוט קעפּל צום לערנען האָט ער נישט. ער האָט בחוש געזען, אַז פאַר יודלען וועט זיין פיל גרינגער צו צעהאַקן אַ שייט האָלץ, ווי אַ שייטל עברי. ער האָט זיך אָבער געטרייסט מיט דעם, וואָס ער וועט זיין אַ גוטער בעל־הבית. ווייל ווען יודל איז נאָך געווען יונג געווען האָט ער שוין אָנגעהויבן צוצוהעלפן דער מאַמען אין בעל־הביתשקייט: העלפן אויסקערן די גרויסע שטוב, גלייכ־שטעלן די בענק, אַרויסשיטן דאָס מיסט און אַרונטערלייגן דאָס נאַסע האָלץ הינטער דעם קאַפּלאַנעם אויוון. שפּעטער, ווען ער איז אַ ביסל אונטערגע־וואַקסן האָט ער געברענגט וואַסער פון פלומפּ און טאַקע אַליין אָנגעפלומפּט. געהאַקט האָלץ פאַר דער שטוב, און איין מאָל, ווען זיין מאַמע האָט געקויפט אויפן מאַרק אַ זעקל קאַרטאָפל און דער פויער האָט עס נישט געוואָלט אָפּטראָגן, האָט דער קליינער יודל אַ כאַפּ־געטאָן דעם זאַק אויף די פּלייצעס און אים אַריינגעטראָגן אין שטוב אַריין. בונים האָט אַפילו אויף זיין ווייב גוט אָנגעשריגן: „דאָס קינד קאָן נאָך באַקומען אַ קרומע פּלייצע", אָבער יודל האָט פאַריקט דעם דאַשעק כון היטל אין אַ זייט, זיך דערפון אויסגע־לאַכט און געגעבן אַ הויכן פייף גלייך דעם טאַטן אין פּנים אַריין.

יודל איז געוואַקסן ווי אויף הייוון. ער איז אויסגעוואַקסן שיין און געזונט ווי אַ דעמב. הינדע־לאה האָט מורא געהאַט איבערן מויל צו ברענגען, אַז קיין שום קינדערישע קרענק נעמט זיך ביי יודלען נישט אָן. אָבער וואָס? אַ ווילדער יונג איז ער געווען. פון לערנען איז שוין אָפּגערעדט. נישט איין מאָל האָט בונים געפּרוווט אויף אים שרייען, צו מאָל אָנרייסן די אויערן, אָבער אַ נעכטיקער טאָג! אויף דער חדר־באַנק האָט ער זיך נישט געוואָלט אַוועקזעצן. קוים מיט נויט־שווייס איז בונימען אָנגעקומען ביז ער האָט אים אויסגעלערנט דאַוונען. ווייטער איז בשום אופן נישט געגאַנגען! יודל איז כמעט אַ גאַנצן טאָג נישט געווען אין שטוב. דאָ האָט ער געריסן עפּל אין אַ סאַד, דאָ האָט ער געוואָרפן שטיינער אין פרעמדע טויבן, און טאָמער האָט אים אַ שכן אָנגעשריגן, פלעגט ער ביי נאַכט אים די שויבן אויסהאַקן... פּשוט, די שכנים האָבן פאַר אים געציטערט.

פאַר די גוייִשע שכנים אין געסל, איז יודל גאָר געווען אָנגענומען, מער ווי אַנדערע ייִדישע קינדער. זיי האָבן הינדע־לאהן געלויבט פאַר האָבן

אַזאַ וואַזשנעם זון, וואָס וועט קענען זיין אַ גוטער סאָלדאַט, רייטן אויף פערד, און מאַנכע חוצפּהדיקע גויעס האָבן אַפילו איר דערציילט, אַז זייערע טעכטער געפעלט ער גאָר שטאַרק.

ווי לאַנג יודל איז נאָך געווען אַ יינג קינד, האָבן זיך טאַטע־מאַמע אין אים געשפּיגלט. בונים אַליין האָט געזען די אָפּשפּיגלונג פון אים: ברייטע פּלייצעס, אַ ברייטע ברוסט, אַ געזונטן קאַרק. אַ ביסל האָט ער אויך געהאַט פון דער מאַמען — די לאַנג־געשניטענע שווארצע אויגן, אָבער ווען בונים האָט אַ קוק־געטאָן אויף זיינע שטאַרקע הענט, וואָס הייבן זיך אָן צוצעוואַקסן, איז אים אויפגעשווומען דער פּסוק „הידים ידי עשיו".

וואָס מער בונים האָט אַריינגעטראַכט אין זיין זון האָט ער געזען, אַז דאָס אויסגעבעטענע קינד וואַקסט אַ ווילדער הפקר־יינג. ער האָט אָנגעהויבן נאָכטראַכטן די מחשבה פון רבין, וואָס האָט זיך אַזוי געקווענקלט, יאָרן האָט דער רבי אים אויפגעהאַלטן און די ברכה נישט געוואָלט געבן. ווער ווייס — האָט בונים מלמד געטראַכט — וואָס עס ליגט אין דער מחשבה פון די צדיקים און וואָס זיי זעען פאָרויס מיט זייער רוח־הקודש. בונים האָט געהאַט אַ פול באַזעצט חדר. אויף די בענק אַרום דעם לאַנגן טיש זענען געזעסן צוזאַמענגעפּרעסט די קינדער. זייערע קעפּלעך זענען געווען שענער איינס פון דאָס צווייטע, אָבער עפּעס האָט געפעלט — זיין אייגן יינגל... ער האָט זיך אַרומגעקוקט ביי יעדן שאָרך, ביים יעדן עפן פון דער טיר — אפשר קומט ער אַריין...

יודל איז אָבער זעלטן אַריינגעקומען אין שטוב. מיט יעדן טאָג וואָס ער איז עלטער געוואָרן, אַלץ מער צעלאָזענער איז ער געוואָרן, ממש הפקר ווי אַ גאַסן־שייגעץ. ער איז אַרומגעלאָפן מיט שקצים, אַפילו מיט די ערגסטע זאַמד־שקצים פון הינטערן שטעטל. מ'האָט דערציילט, אַז ער כאַפּט זיך שוין אויך אַריין אין די גויִשע שענק. ביי נאַכט פלעגט ער אַהיימקומען שפּעט, און טייל מאָל איז ער אין גאַנצן נישט אַהיימגעקומען. און וויפל די מאַמע האָט זיך געבעטן ביי אים, ער זאָל כאָטש בלויז לייגן תפילין — האָט עס גאָרנישט געהאָלפן.

ווען אין שטעטל איז געווען אַ יאַריד, זענען מאַנכע קינדער נישט גע־קומען אין חדר אַריין. די סוחרים האָבן אויסגעפּועלט ביי בונים מלמד נישט

צו שיקן די קינדער זייערע אינעם יאַריד־טאָג אין חדר אַריין. די קינדער האָבן צוגעהאָלפן אַכטונג געבן אויף די פויערים און פויערטעס, וואָס האָבן אָנגעפילט די געוועלבער זיי זאָלן נישט מיטנעמען אַ שטיק סחורה. זיי זאָלן צוטראָגן די טאָרבעס קאַשע און ווייצן־מעל צו דער וואָג, און נישט אַרויס־גיין אומבאַצאָלט. די חדר־יִינגלעך האָבן ליב געהאַט דעם יאַריד־טאָג. פון צייט צו צייט האָבן זיי זיך אַרויסגעכאַפּט פון די געוועלבלעך און אַרומ־געלאָפן צווישן די וועגענער, איבערן פערד־מאַרק און אַז זיי האָבן געזעען ווי יודל שמייסט אונטער די פערדלעך, האָט עס זיי אַ גרויסע הנאה געטאָן. בונים מלמד האָט געוואָלט וויסן פאַר וואָס נאָך אַ יאַריד קומט יודל אַהיים אַזוי צעיאַכמעט. טייל מאָל איז ער געווען צעגראַטשעט אויפן פנים. זיינע כּיס זענען תּמיד געווען פול מיט בלאָטע און נישט איין מאָל זענען די הויזן זיינע געווען צעריסן. אָבער די קינדער האָבן געלאַכט און אָנדערציילט זיך מעשיות, וואָס־אַלץ יודל טוט־אָפּ אויפן פערד־מאַרק. זיי האָבן געזעען ווי יודל רייט אַרום אויף פערדלעך און שמייסט זיי אונטער ווען מ׳פּרוווט זיי אויס ביים פאַרקויפן, אָדער ער נעמט אָן אַ יִינג־צעווילדעוועט לאָשיקל ביי דער צוים און לויפט דערמיט פאַר אַ ריי פויערים, וואָס קוקן זיך צו, צי דאָס פערד הינקט נישט, אָדער צי ס׳איז נישט „אָן עקשן“ און שטעלט זיך דיבאָם. בונים מלמד פלעגט אויספרעגן די קינדער, ווען הינדע־לאה איז נישט געווען אין שטוב. צוהערנדיק זיך צו די מעשיות פון די קינדער האָט זיך ביי בונימען האָר און נעגל אויפגעשטעלט. וואָס נאָך יודל האָט געטאָן אויפן מאַרק האָבן די קינדער נישט געוווּסט, ווייל ווי נאָר הערשעלע ריבאַק, דער פערד־סוחר האָט זיך אָנגעהויבן צו פּאַטשן מיט די פויערים אין די הענט אַריין, איינער האָט אַראָפּגעלאָזט פון פּרייז, דער צווייטער האָט דערלייגט — מ׳האָט זיך געדונגען, געזידלט, געפּאַטשט אין די הענט אַזוי לאַנג ביז די הענט זענען זיי רויט געוואָרן. און ווען דאָס פערד איז פאַר־קויפט געוואָרן — זענען זיי אַלע אַוועק אין דער שענק אַריין, יודל מיט זיי. דאָס וואָס ס׳האָט זיך אָפּגעטאָן אין שענק האָבן די חדר־יִינגלעך נישט געקאָנט דערציילן, ווייל מ׳האָט זיי דאָרטן איבער דער שוועל נישט געלאָזן, און זיי האָבן אויך מורא געהאַט דאָרט אַריינצובליקן. יודל האָט זיך אויס־געלערנט טרינקען בראָנפן, און אַז גנבים האָבן געטשאַטעוועט אויף אַ פויער וואָס האָט פאַרקויפט אַ פערד, כדי אַרויסצוציִען אים דעם בייטל פון דער

טאַש, האָט זיך יודל נישט אָפּגעזאָגט צו שטיין אויף „צינג״ *, אַז ס׳זאָל נישט אונטערקומען אַ פּאָליציאַנט אין מיטן דער אַרבעט...

בונים מלמד האָט געהאַט אַ כּוח־הדיבור. מיט זיינע גלאַטיקע רייד און געזונטער לאָגיק האָט ער געקאָנט יעדן איינעם איבערצייגן, אָבער נישט יודלען. ביי זיין אייגענעם זון האָט ער נישט מצליח געווען. וואָס מער ער האָט אין אים אַריינגערעדט, אַלץ מער צו להכעיס האָט ער אים אָפּגעטאָן. און גערעדט האָט דער טאַטע צו אים מיט קלוגע און שטרענגע רייד; מיט גוטן און מיט בייזן. ער האָט פאַר אים פאַרגעשטעלט דעם גיהנום, ווי מען פּרעגלט דאָרט די רשעים אין פעסלעך הייסע סמאָלע, ווי זיי מוזן נאַקעטער־הייט זיך אַראָפּקאָלערן פון בערגלעך צעבראָכן גלאָז, ביז זיי קומען שוין צו צום טויער פון גיהנום. און אַז זיי גייען אַרויס באַקלעפּטע מיט דער הייסער סמאָלע, הענגט מען זיי אָן גרויסע שווערע זעק אויף די פּלייצעס. אין די זעק ליגן זייערע זינד. וואָס גרעסער די עבירה, אַלץ שווערער זענען די זעק. די זעק רייסן שיער נישט אַראָפּ דעם קאַרק. זיי מוזן זיי טראָגן ביי טאָג און ביי נאַכט, גאַנצע אייביקייטן...

הינדה־לאה האָט זיך גוט צוגעהערט צו די מוסר־רייד און אויסגעבראָכן אין אַ ביטער געוויין:

— וואָס דערגייסטו מיר, יודל, די יאָרן? ביז דיין מאַמע האָט דערלעבט דיך אויסצוהאָדעווען... אוי וויי איז מיר...

אָבער וואָס מער בונים האָט אין אים אַריינגערעדט און וואָס מער די מאַמע האָט געוויינט, אַלץ מער חוצפּהדיקער, אַלץ מער להכעיסדיקער איז ער געוואָרן. בונים האָט זיך אָבער געקלאַמערט אין אַ שטיקל טרייסט: אַז אַלץ וואָס מענטשן דערציילן וועגן זיין בן יחיד, איז אויסגעטראַכט, אָדער גוזמהדיק איבערגעטריבן.

אָבער איין מאָל האָט בונעם מיט זיינע אייגענע אויגן געזען עפּעס אַזוינס, פון וואָס ס׳איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן; ער האָט געטראָפן זיין בנאָק רויכערן אום שבת אַ פּאַפּיראָס בפרהסיא. ווען ס׳עפנט זיך פאַר בונימען אַ גרוב, וואָלט ער דאָרט איינגעזונקען. בונים האָט זיך

---

* „צינג״ — שמירה. אויף דער וואַך.

געריסן די האָר פון קאָפּ: מחלל שבת זיין? ס'איז דאָך עק וועלט! אָבער יודל האָט געטאָן דאָס זייניקע. ער האָט שפּעטער אָפּגעטאָן ערגערע זאַכן און פאַרשוואַרצט דאָס פּנים פון טאַטע־מאַמע. ס'איז זיי געווען אַ לאָך אין האַרצן און אַ בזיון פאַר מענטשן. זיי האָבן געהאַט אָפּגעשניטענע יאָרן ביי אים און פאַר דער צייט גרוי און אַלט געוואָרן.

פון וואַנען יודל האָט געהאַט געלט צו קויפן זיך אַ פּאָר נייע שטיוול מיט לאַקירטע כאַלעוועס, האָט בונים מלמד נישט געקענט פאַרשטיין. נאָך מער האָט אים פאַרדראָסן, וואָס דווקא אום שבת איז יודל אַרומגעלאָפן אין קורצן שפּענצערל, ווי אַ גאַנצע וואָך. נאָר אַז ס'איז געקומען זונטיק, אָדער אַ חגא־טאָג האָט ער זיך געגעבן אַ סטרויע־אויס אין די אָפּיצערסקע שטי־ וועלעך מיט די ברייט־קלאָשאָווע הויזן און אין אַ געפּאַסטע טוזשורקע פאַרקנעפּלט ביז אונטער דעם האַלדז. ער האָט אַרויפגעצויגן אויף זיינע גרויסע לאַפּעס אַ פּאָר לעדערנע הענטשקעס און אַריינגעשטעקט אין די הויזן־קעשענע אַ קנייפּער־מעסער. אָן דעם קנייפּער־מעסער האָט ער זיך נישט אַרויסגערירט אין גאַס אַריין. אַז בונים מלמד האָט אויף אים אַ קוק־ געטאָן האָט אים אַזש געגומען בלענדן פאַר די אויגן. ער האָט ערשט אַציגד געזען, ווי דער יינג איז אויסגעוואַקסן אַ גיבור: אַ קאָפּ מיט געדיכטע האָר און אַ געקרייזלטע טשופּרינע. זיין פּנים איז ממש בלוט און מילך, און אַ מויל האָט ער אַ קיילעכדיקס, אַ גלאַטיקס, מיט שוואַרצע וואָנצעלעך, וואָס האָבן ערשט געגומען שפּראָצן. ליפּן וואָס האָבן געגליט פון רויטקייט. די פּלייצע אויסגעגלייכט, וואָס ביי קיין שום חדר־יינגל האָט ער דאָס נישט געזען. און אַ טבע האָט ער געהאַט, אַז איידער ער איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב האָט ער גענומען די מאַמעס שפּיגעלע און זיך אַליין אָנגעקוקט.

יודלס גבורה איז שוין געווען באַקאַנט אין שטעטל. ער האָט געקענט דערלאַנגען, אַז פונקען זאָלן פליִען פאַר די אויגן... גויים האָבן אויף אים געזאָגט, אַז ער איז „וצאַלע ניע זשיד" — אין גאַנצן קיין ייִד נישט. אַז אַ ייִד קאָן דערלאַנגען קלעפּ — דאָס האָבן זיי נישט געזען און נישט געהערט.

אַז יודל איז אַ מאָל אַריינגעקומען צו טאַטע־מאַמע איז די גאַנצע חדר־ שטוב פול געוואָרן מיט אים. די קינדער האָבן זיך אויסגעדרייט פון די חומשלעך און באַוווּנדערט יודלען דעם שטאַרקן. די חדר־ייִנגלעך האָבן פון

אים געקוואָלן, אָבער צו טאַטע־מאַמע איז געווען אָך און וויי צוצוזען, ווי זײער אײניקעלער זון וואַקסט אַ גוי — אַן עשיו.

די איינציקע טרייסט, וואָס גוטע פרײַנד האָבן געקאָנט צוטראָגן בונימען מיט זיין ווייב איז געווען, אַז זייער זון פאַרמאָגט אַ ייִדיש האַרץ. יודל — האָט מען זיי דערציילט — אַז ער זעט אַן אַלטן ייִדישן טרעגער שלעפּן אַ שווערן זאַק, נעמט ער אים אַראָפּ פון די פּלייצעס און טראָגט אים צו ווו מ׳דאַרף. ער דערלאָזט נישט שלאָגן אַ ייִדן. אָט האָט ער ערשט נעכטן מיט זיינע שטאַרקע פויסטן צעבלוטיקט אַ גוי, וואָס האָט געוואָלט ראַבעווען און שלאָגן אַ ייִדן. ווען אַ חברה שקצים האָבן שבת פאַר נאַכט געכאַפּט נאַכטשען די יתומה הינטער דער בריק־אַרונטער... האָט זיך יודל איינגעשטעלט און דאָס מיידל אַרויסגעריסן פון זייערע הענט... אָבער די־אַלע זאַכן, וואָס מ׳האָט וועגן יודלען דערציילט, איז עס פאַר בונימען מיט זיין ווייב געווען אַ קנאַפּע טרייסט. זיי האָבן בעסער געוואָלט זעען זייער זון אַ שטילן, אַ בלאַסן, אַן אויסגעדאַרטן, אָבער ער זאָל זיצן אין חדר און לערנען, האָבן אַ גוט קעפּל און אויסוואַקסן אַן עילוי.

בונימס חדר האָט ביסלעכווייז באַקומען אַן אַנדער פּנים, אַן אַנדער אויסזען. ער האָט מער נישט געלערנט מיט אַזאַ חשק און ברען ווי אַ מאָל און ער האָט פאַרלוירן דעם טעם פון לערנען. שטענדיק האָט זיך אים גע־פּלאָנטערט אין קאָפּ: צי איז נישט אַ מאָל דער רבי גערעכט געווען?... צי האָט ער זיך געדאַרפט איינשפּאַרן? מען האָט דאָס דערקענט אויף זיין פּנים אַזוי, אַז זיינע מחשבות האָבן זיך אָפּגעשלאָגן סיי אויף אים, סיי אויף די קינדער. אַ סך בעלי־בתים האָבן דאָס באַמערקט און די קינדער אַרויס־גענומען פון זיין חדר. בונים האָט דאָס אָנגענומען ווי אַ נאַטירלעכע זאַך און צו קיינעמען קיין טענות נישט געהאַט. ער האָט צומאָל נישט געפרעגט פאַר וואָס יענער נעמט אַרויס דאָס ייִנגל און אויך נישט געבעטן ער זאָל צוריקגעבן דאָס קינד אין זיין חדר. דאָס אַלץ איז אים נישט אָנגעגאַנגען, ווייל זיין גאַנצער קאָפּ, זיינע אַלע מחשבות זענען געווען פאַרנומען מיט איין זאַך — מיט דעם קינד, וואָס האָט זיך אויסגעכאָוועט אין זכות פון רבינס ברכה און וואַקסט אַ גוי גמור.

איין מאָל איז אין שטעטל פאַרלאָפן אַזאַ מעשה:

געווען איז דאָס אין אַ הייסן זומער־טאָג. די זון האָט געסמאַליעט און

די ערד איז געווען אָנגעגליט ווי הייסע קוילן. די שינדל־דעכער זענען געווען טרוקן ווי פעפער, און אין לופטן האָבן זיך געטראָגן כוואַליעס היץ. גראָד דעמאָלט איז פון ערגעץ־ווו אויסגעבראָכן אַ שריפה, וואָס האָט זיך שנעל אַריינגעריסן אין געסל פון גרויסן בית המדרש. די פייער־צונגען האָבן ווילד גענומען טאַנצן פון איין דאַך אויפן צווייטן, האָבן זיך אויפגע־הויבן הויך און געשפריצט מיט פונקען אַרום און אַרום. וואָס אַ מאָל האָבן די פלאַמען אַרומגעכאַפּט מער און מער הייזקעס. אין געסל איז געשטאַנען אַ היץ, אַז ס׳איז שווער געווען דערין אַריינצוגיין. ייִדן זענען אַרומגעלאָפן צעמישט, געוואָרפן בעטגעוואַנט דורך די פענצטער, און מאַמעס זענען אַנטלאָפן מיט זייערע קינדער אויף די הענט. די פייער־צונגען האָבן זיך באַוויזן פון אַלע זייטן, אַרומגעלעקט די דעכער, די ווענט און זיך אַרומגע־נומען איינע מיט די צווייטע און צעבושעוועט זיך אין איין שטיק פלאַקער. מענטשן האָבן אין צעטומלעניש געשריגן, געליאַרעמט און אַלץ איבער־געלאָזן אויף הפקר. אין מיטן דעם קאָך איז אָנגעפאָרן מיט אַ געפּילדער די „פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע" מיט עטלעכע פעסלעך וואַסער, וואָס האָט אַפילו נישט געסטייעט צו פאַרלעשן אַ ווינקל פון איין הייזל. און וואָס מער מ׳האָט געגאָסן וואַסער, אַלץ מער זענען די פלאַמען געוואָרן צערייצטער. זיי האָבן גענומען זידן און וואַרפן זיך ווי פייערדיקע שלאַנגען אויף אַלץ, וואָס איז זיי אונטערגעקומען און — אָט שטייט שוין אין פלאַמען דאָס גרויסע בית מדרש.

אַ וויי־געשריי האָט זיך צעטראָגן איבערן געסל. ייִדן האָבן פאַרצווייפלט געשריגן: ראַטעוועט די ספרי תורות.

פלוצעם האָט זיך באַוויזן יודעלע. ווען ער האָט דערזען, אַז די גאַנצע גאַס שטייט אין פלאַמען, איז ער ווי אַ פייל פון בויגן אַריין אין ברענענדיקן בית־המדרש. שוואַרצע וואָלקנס רויך האָבן אים אַרומגעכאַפּט, אָבער ער האָט נישט געקוקט דערויף און מיט אימפּעט זיך אַ וואָרף־געטאָן אין די ברענענדיקע פלאַמען, און איידער מ׳האָט רעכט באַגריפן, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט זיך יודל באַוויזן שוואַרץ ווי אַ גלאָווניע מיט די ספרי־תורות אין זיינע הענט. זיין פנים און די הענט זענען געווען אָפּגעבריט און שוואַרץ ווי קויל. די צווייטן פון זיינע קליידער און די שטיוול האָבן געברויכערט. אָבער אָנשטאָט צו אַנטלויפן פון פייער האָט ער פלוצעם אָנגעהויבן צו

טאַנצן און שפּרינגען מיט די ספרי־תורות מיט אַזאַ ברען, מיט אַזאַ התלהבות ביז ער איז אַנידערגעפאַלן ווי אַ סנאָפּ.

דער רב און די איבעריקע ייִדן וואָס האָבן צוגעזען די ווונדער האָבן אויסגעשריגן אַ לויב צו גאָט פאַרן גרויסן נס, און געבענטשט די הענט, וואָס האָבן געראַטעוועט די ספרי־תורות.

יודל האָט אָבער שוין מער נישט געהערט, וואָס אַרום אים טוט זיך. ער איז געליגן אויף דער ערד אַ האַלב־טויטער. יודל האָט זיך אויפגעכאַפּט ערשט אין שטאָטישן שפּיטאָל. ווען ער האָט געעפנט די אויגן האָט ער געזען ווי ביי זיין בעט שטייט אַחוץ זיין טאַטע־מאַמע — אויך דער רב און די שענסטע בעלי־הבתים פון שטעטל. דער רב האָט מיט יודלען גע־בענטשט גומל, וואָס ער האָט זיך איינגעשטעלט אויף קידוש־השם און געבליבן לעבן. טאַטע־מאַמע האָבן זיך געווישט די אויגן און געלויבט השם־יתברך פאַר דעם גרויסן גנאָד, וואָס ער האָט געטאָן צו זיי.

פון דעמאָלט אָן איז יודל קאַלבאַס מיט איין מאָל אויסגעוואַקסן צו אַ גיבור און גואל. אַנשטאָט קללות, האָבן אים די ייִדן איצט געבענטשט.

ווי אַ הייסער חסיד און ייִראת־שמים, האָט בונים געזען אין דעם נס גאָטס האַנט און די ברכה פון הייליקן רבין.

און אַז בונים איז שפּעטער געפאָרן צום רבין, האָט זיך דער רבי מיט אים פאַרשלאָסן אין אַלקער און געהאַט מיט אים אַ לאַנגן שמועס. וועגן וואָס דער רבי האָט מיט אים גערעדט, האָט בונים נישט געוואָלט דערציילן. ער האָט נאָר געזאָגט, אַז בעתן געזעגענען זיך האָט דער רבי, ברבים, אַזוי געזאָגט:

— פאָר לחיים ולשלום, בונים. נעם זיך ווידער צום חדר און לערן מיט די קינדער תורה.

און אַז בונים איז נאָך געבליבן אַ ביסל שטיין אין פאַרלעגנהייט און דער רבי האָט געזען, אַז ער פרעגט עפּעס מיט די אויגן, האָט ער צוגעגעבן מיט אַ רמז:

— ווען נישט אַרויסצוראַטעווען די ספרי־תורות פון ברענענדיקן בית המדרש — פאַרשטייסטו דאָך אַליין, בונים — וואָלט מען דיין יודלען אין גאַנצן נישט באַדאַרפט... און דאָס וואָס ער האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן

די גוֹיִים און געזען ביי זיי גבורה — איז דאָס נאָר געווען כדי זיך צוצו־גרייטן צו קידוש השם... און ווייל דו האָסט נישט מתרמם געווען ביז דער נס איז געשען, ווערסטו און דיין ווייב האָבן ביידע ווערלטן!

בונים מלמד איז אַהיימגעפאָרן פון רבין אַ דערפרייטער און דערפריש־טער. ער האָט צוריק געפונען זיין מוט און זיין פרייד צו לערנען און ער האָט אויפסניי זיך געלאָזן שווימען מיט די קינדער אין ים פון תורה.

# צאַלקע שדכן

צאַלקע שדכן האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַ טיפּישן שדכן: אַ נידעריקער, אַ פלינקער, אַ באַריידעוודיקער, מיט אַ שיטער געלבלעך בערדל. זיין ברייט טוכן היטל מיטן קליינעם דאַשעק און שמאָלער דענקע, האָט ער שטענדיק געהאַט אַרויסגערוקט אויפן שפּיץ קאָפּ אַזוי, אַז מען האָט אַרויסגעזען זיין גרויסן למדנישן שטערן. קאָן זיין אַז אַ מאָל איז דאָס היטל געווען שוואַרץ אָבער די זון האָט עס אָפּגעבליאַקעוועט און ס׳האָט באַקומען אַן אומבאַשטימטע קאָליר, וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַ גנילע גרין. זומער איז ער געגאַנגען אָנגעלענט אָנגעלענט אויף זיין שפּאַציר־שטעקעלע, וואָס האָט געהאַט אַ הענטל פון ווייסן ביין און פון אונטן האָט עס זיך פאַרענדיקט מיט אַ שטאָלענע סקיווקע, וואָס האָט שטאַרק געקלאַפּט אויפן טראָטואַר, אַז פון ווי ווייט האָט מען דערקענט צאַלקעס גאַנג. און אַז ער איז געווען אין אַ געהויבענער שטימונג, האָט ער דאָס שטעקעלע אָנגעהאַנגען ווו׳ילעריש אויפן אַקסל. ווינטער האָט ער דאָס שטעקעלע פאַרביטן אויף אַ ברייטן שירעם וואָס ער האָט געטראָגן מיט זיך צי ס׳האָט יאָ אָדער נישט גערעגנט. זומער האָט ער געטראָגן אַן אָפּגעשאָסן מילאַנזשן כאַלאַטל, און ווינטער — אַ שווערן פאַלטן מיט אַ באַראַנקאָווע קאָלנער. זומער און ווינטער האָט ער געטראָגן די זעלבע יוכטענע שטיוול, וואָס האָבן זיך שוין לאַנג געבעטן אַ פרייש אונטערנייעכץ מיט אַ פּאָר נייע אָפּצאַסן, אָבער... ווי אַזוי? אַז זינט ער געדענקט זיך איז ער אַ קבצן אין זיבן פאַלעס. פון דעסטוועגן האָט ער קיין מאָל נישט געביטערט, קיין מאָל נישט באַקלאָגט זיך אויף זיין דאָליע, פאַרקערט, ער איז שטענדיק געווען פריילעך, שטענדיק אונטערגעברומט זיך אַ פריילעך ניגונדל — אַ שמח בחלקו.

צאַלקע איז געווען אויסגעקאָכט סיי מיט די גבירים און סיי מיט די פּראָסטע ייִדן פון שטעטל. מיט יעדן האָט ער געהאַט וואָס צו ריידן און

געוווּסט ווי אַזוי צו ריידן. אויף די יִדישע חתונות האָט ער זיך געפילט היימיש ווי אַ מחותן, מחמת ס׳רוב שידוכים האָט ער, צאַלקע, אויסגעפירט. דערפאַר האָט ער דאָס מין שדכנות נישט געהאַלטן ווי עפּעס אַ נעבן־זאַך, נאָר ווי אַ וויכטיקע שליחות, אַ שטייגער די כלי־קודש, וואָס טוען־אויף וויכטיקע זאַכן פאַרן שטעטל. און וואָס קאָן נאָך זיין וויכטיקער ווי זאָרגן, אַז יִדישע טעכטער זאָלן, חלילה, נישט פאַרזעסן ווערן? שיין וואָלט אויס־געזען דאָס שטעטל, האָט ער נישט איין מאָל געזאָגט, אָן צאַלקען. פרי׳ער גאָט און דערנאָכדעם — צאַלקע. ער האָט דאָס געזאָגט ביי יעדער געלעגנהייט, בעיקר, ווען ער האָט שוין געהאַט אויסגעטרונקען אַ צוויי גלעזלעך, איז ער אַרויס מיט לשון:

— נ׳טאַקע, וואָס וואָלט געוואָרן מיט דער בלינדער לאהלעס טאָכטער, האַ? ווען איך מיש זיך נישט אַריין, וואָלט זי פאַרזעסן ביזן גראָען צאָפּ אַריין. זאָגט אַליין, ווען וואָלט עס גאָר איינגעפאַלן אַנצושלאָגן יואל באַלעגאָלע ער זאָל זי נעמען פאַר אַ ווייב ווי זי שטייט און גייט, אָן אַ גראָשן נדן. אָבער ביי צאַלקען איז אַלץ מעגלעך. צאַלקע שדכן, אַז ער פאַרנעמט זיך צוצופּאָסן אַ זיווג מוז ער עס אַדורכפירן און ער איז זיכער, אַז מן השמים העלפט מען אים אויך צו. אָדער נעמט אַ שטייגער ישראל אייזנהענדלערס טאָכטער, וואָס האָט זיך איינגערעדט מי יודע וואָס? כאָטש פריצים אויף גאָלדענע קאָטשן וועלן קומען זי נעמען... אָבער אַזוי ווי ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן די ערשטע גרויע הערעלעך, האָט דער פאָטער אירער מיך נישט געלאָזט רוען. נו, און ווער האָט איר געברענגט אַ חתן, אַז נישט צאַלקע שדכן? אמת, ער איז אַ מוזיקאַנט און נישט אַזאַ יונגער און נישט אַזאַ פלאָקן־שיסער, ווי זי האָט זיך פאָרגעשטעלט, אָבער אַז ער נעמט דאָס פידעלע אין האַנט אַריין צעגייט זיך דער ניגון אין אַלע ביינער.

קיין ערגערס האָט מען צאַלקען נישט געקאָנט אָפּטאָן, ווי מ׳האָט צו אים אַ זאָג־געטאָן: „אַ זייגערמאַכער און אַ שדכן זענען פון די לייכטע בעל־מלאכות, אָדער בכלל קיין מלאכות נישט”. צאַלקע איז געוואָרן רויט, ווי ביי אַ דריטן טרינק בראָנפן און דאָס ברייטע היטל אויפן קאָפּ האָט זיך גענומען ביי אים טרייסלען. ער איז געווען אָנגערירט אין כבוד ווי אַ שטייגער, מ׳זאָל זאָגן אַ רב, אַז ער קען נישט פסקענען קיין שאלות. ער איז געווען גרייט אַזאַ איינעם דורס צו זיין, און דווקא, ווייל ער האָט זיך דערפון

אַזוי אויפגערעגט, האָבן די חברה, פריילעכע ישיבה־בחורים, אַלע מאָל אים אַ טשעפּע געטאָן:

— נו, ר׳ צאַלקע, איר האָט שוין היינט עפּעס מזווג געווען אַ זיווג?

און יענע חברה, וואָס האָבן שוין געהאַט אונטערגעשוירן די פּאות און אַראָפּגעוואָרפן די לאַנגע קאַפּאָטעס, האָבן זיך ליב געהאַט מיט אים צו רייצן און אַ ביסל חוצפּהדיקער צו אים גערעדט:

— ר׳ צאַלקע, איר גייט דאָך דעם רבונו של עולם אין גאַנצן אין דער פּרנסה אַריין... מ׳האָט אַ מאָל געפרעגט איינעמען; וואָס טוט דער רבונו של עולם? האָט יענער געענטפערט: „ער איז מזווג זווגים״. און איר פאַר־לאָזט זיך נישט אויף אים? און מאַכט גאָר דערפון אַ לעבן?

צאַלקען איז אַזאַ זאָג פאַרגאַנגען ביז דער זיבעטער ריפּ, אָבער ער האָט ווייטער עוסק געווען אין זיין פּראָפעסיע. און מ׳קאָן זאָגן, אַז ער האָט ליב געהאַט זיין פּראָפעסיע. שעהען־לאַנג פלעגט ער אָפּזיצן ביי זיין גראָב ביכל, וואָס די שוואַרצע טעוועלעך זענען שוין געווען אין גאַנצן אויסגע־ריבן. אויף איין זייט פון ביכל זענען געווען פאַרשריבן יינגלעך און אויף דער צווייטער זייט — מיידלעך. ביי יעדן נאָמען האָט ער געמאַכט זיינע סימנים, וואָס נאָר ער, צאַלקע, אַליין האָט זיי געקענט איבערלייענען. מיידלעך האָט ער געהאַט איינגעטיילט אין דריי קאַטעגאָריעס. פאַר יעדן נאָמען פון אַ מיידל האָט ער זיך געמאַכט אַ סימן, וואָס אַפילו ווי פלינק ער האָט איבערגעמישט די בלעטלעך, איז גענוג געווען ער זאָל נאָר אַ בליק־טאָן און שוין וויסן וואָס עס מיינט, אַז ס׳איז געווען אַ „פּנ״, האָט דאָס געמיינט „פּעטער נדן״. ווען ס׳איז נאָר געשטאַנען אַ בלויזע נון, האָט עס באַטייט „נדן״. ערגער איז אָבער געווען ווען צאַלקע האָט וועמען באַצייכנט מיט די אותיות „צאנג״, דאָס האָט געמיינט, אַז דער מחותן וועט „צוזאָגן און נישט געבן״. די בלעטלעך האָט צאַלקע שנעל אַדורכגעמישט און זיך אַפילו נישט אומגעקוקט אויפן נאָמען וואָס דאָרט איז פאַרשריבן.

אָבער בלויז פון נדן־סימנים האָט נאָך צאַלקע נישט געקאָנט אַלץ אַרויסנעמען, און אַלץ געדענקען אויפן קאָפּ — איז ער אויך נישט מחויב. האָט ער זיך געמאַכט צוגאָבלעכע סימנים. ביי מיידלעך אַ „יפ״ האָט גע־מיינט — יפה פיה. „רש״ — רחלס שוועסטער, וואָס מיינט, אַז די כלה האָט

אַזעלכע טריבע אויגן ווי די לאה פון חומש. אויך די עלטער האָט ער אָנגע־שריבן מיט רש״י־אותיות, און אַז אַ מיידל איז געווען אין די יאָרן איז ביי צאַלקען אין ביכל געווען צוגעשריבן „שני פעמים״...

דאָס דאָזיקע ביכל מיט די אָפּגעריבענע טעוועלעך האָט צאַלקע אָפּגע־היטן, ווי אַן אויג אין קאָפּ און עס געטראָגן ביי זיך אין בוזעם־קעשענע. ביי נאַכט האָט ער עס אַרונטערגעלייגט אונטערן קישן. ער האָט געוווּסט, אַז זיין גאַנצער פאַרמעג ליגט אין דעם ביכל. יעדן חנוכה האָט ער דאָס ביכל גוט דורכגעמישט, נייע נעמען אַריינגעשריבן און אַ סך אויסגעמעקט, און דאָס ביכל איז ווידער געבליבן זיין איינציקער קוואַל פון חיונה.

אַז צאַלקע האָט געוואָרפן אַן אויג אויף אַ יונג פּאָרל האָט ער געמוזט דאָס זייניקע אויספירן. קוים אָבער האָט ער געזען אַז ס׳גייט צו שווער, אַז דאָס יינגל שפּאַרט זיך איין און וויל פון שידוך נישט הערן — ווער ווייס, אפשר פירט ער שוין אַ ליבע דאָרט אין וועלדל... ווי דער שטייגער איז פון די היינטיקע בחורים, אָדער אַז דאָס מיידל אַנטלויפט, ווען ער קומט אין שטוב אַריין, איז ער אַרומגעגאַנגען אַ צעטומלטער, אַ צעמישטער. נישט דער יצר־הרע פון געלט האָט דאָ געשפּילט אַ ראָלע. נישט אין פאַר־דינסטל איז אים געגאַנגען, נאָר אין דעם ענין גופא. סטייטש? אים, צאַלקען, זאָל מען שוין נישט פאָלגן, איז דאָך עק וועלט. גאַנצע שעהען פלעגט ער שטיין אין טלית און תפילין און נישט געקאָנט דאַווענען. ער האָט נישט געקאָנט מכוון־זיין, נישט ביי קריאת־שמע און נישט ביי שמונה־עשרה. אַלע זיינע מחשבות זענען געווען פאַרנומען מיט איין זאַך — מיט דעם שידוך. טייל מאָל האָט עס געדויערט חדשים און אַפילו יאָרן, אָבער צאַלקע האָט קיין מאָל זיין האָפענונג נישט אויפגעגעבן. און מ׳קאָן זאָגן, אַז דאָס מזל האָט אים אָפט מאָל צוגעשפּילט. דהיינו: איז געווען איינער, אַ גרויסער גביר, וואָס האָט זיך שטאַרק איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט זיך משדך זיין מיט איינעמען, וואָס שטייט אַראָפּצוצי׳ער פון דער מזרח־וואַנט — האָט זיך אַזוי געפירט, אַז פונעם גביר איז געוואָרן אַ יורד און פון דער אַנדערער זייט האָט זיך דער מחותן אַרויפגעאַרבעט און צאַלקע שדכן האָט שוין געהאַט אַ לייכטע אַרבעט. ער האָט דערין געזען אַן אצבע אלהים.

נישט נאָר צאַלקע אַליין, נאָר אויך אַ סך חסידים פון שטיבל האָבן מרמז געווען, אַז עפּעס פירט זיך מיט צאַלקען שלא כדרך הטבע, אַז דאָרט

ווי ער מישט זיך אַריין, פּירט שוין מן השמים צו, אַז ס'זאָל ווערן ווי ער וויל.

צאַלקע האָט נישט אין גאַנצן פּיינט געהאַט דעם ביטערן טראָפּן, ער איז אָבער קיין מאָל נישט געווען קיין זויפער און אַוודאי נישט קיין שיכור. אַ קאַפּעלע אָקעוויט, אָדער אַ זופּ שליוואָוויץ — מהיכי־תיתי. עלעהיי אַ לחיים. דאָס שטעטל האָט אויף אים קיין פאַריבל נישט געהאַט. זיי האָבן געוווּסט, אַז גראָד נאָך אַ גלעזל שנאַפּס צינדט זיך אָן ביי אים די תּורה. גראָד דעמאָלט קאָן ער אַריינגיין אין בית־המדרש און זיך אַוועקזעצן ביי אַ גמרא און לערנען מיט אַזאַ זיסן ניגון, אַז דאָס גאַנצע בית־המדרש ווערט פול מיט געזאַנג.

אָבער צו איין זאַך איז צאַלקע נישט געווען פעיִק און געווען אומבאַ־האָלפן — ווען ס'איז געקומען צו געלט. ער האָט נישט געוווּסט ווי זיך נוהג צו זיין און נישט געקאָנט בשום אופן עפענען דעם בייטל פון אַ גראָבן גביר, אַ קמצן, ווייל צאַלקע האָט געהאַלטן אַז חשק צו געלט איז בכלל מעשה שטן. און דעם שטן האָט ער נישט געוואָלט נאָכגעבן... טייל מאָל האָט זיך אים אַפילו אויסגעדאַכט, אַז אויב ער וועט אַריינלייגן זיינע גאַנצע כּוחות און זיינע תּפילות אויף אויסצופירן אַ שידוך, נאָר צוליב געלט, וועט זיך בכלל דאָס מזל פון אים אָפּטאָן...

אַז צאַלקע האָט געזען, אַז מיט אַ שידוך האַלט שלעכט, האָט ער דערצו געהאַט אַן עצה. די עצה איז געווען, וואָס ער האָט אָנגעהויבן צו זאָגן תּהילים. און געטאָן האָט ער דאָס באַהאַלטענערהייט, בשתיקה, ווייל געוווּסט האָט ער, אַז אויב דער עולם וועט געוואָר ווערן דערפון, וועט מען פון אים אָפּלאַכן, מחמת תּהילים זאָגט מען נאָר ביי אַ מסוכּנדיקן קראַנקן, אָבער נישט ביי אַ יונג פּאַרל, וואָס דאַרף ערשט אויף דער וועלט אָנהייבן אַ ניי לעבן.

מ'קאָן נישט זאָגן, אַז אַלע שידוכים וואָס צאַלקע האָט אויסגעפירט זענען געווען געלונגענע, אָבער ס'רוב פּאָרלעך האָבן טאַקע געפירט אַ גליק־לעך לעבן. די רייכע איידעמלעך, וואָס האָבן דורך צאַלקען באַקומען שיינע טעכטער און זענען געוואָרן שותּפים צו די געשעפטן פון אָנגעזעענע גבירים, האָבן קיין מאָל אין אים נישט פאַרגעסן. אויף יעדן שבת און יום־טוב האָבן זיי צאַלקען געשיקט עפּעס אין שטוב אַריין. אויך די יונגע ווייבלעך האָבן

געטאָן דאָס זייעריקע און אַריינגעשיקט אין צאַלקעס שטוב גוטע זאַכן.

אַלץ וואָלט גוט געווען, נאָר פון איין זאַך איז ער געווען באַאומרויִקט — אין שטעטל האָבן אויסגעפּעלט חתן־בחורים בן תורהס. מיט אַ בחור אַ בן תורה האָט צאַלקע קיין זאָרג נישט געהאַט. וויפל ער האָט געהאַט אַזעלכע בחורים זענען זיי אַלע ביי אים אויסגעכאַפּט געוואָרן. אמת, דאָס צעטל ביי אים אין ביכל איז נאָך געווען גענוג לאַנג. ער האָט נאָך געהאַט אַ סך ווילע בחורים, גוטע פּאַרדינער, טייערע בעל מלאכות, אָבער צאַלקע האָט נישט געקאָנט דאָס מויל עפענען, ביי אַ בחור, אויף וועלכן ער האָט נישט געקאָנט זאָגן אויף אים, אַז ער איז אַ בן תורה. ווייל דער גאַנצער טעם פון שידוך האָט ביי צאַלקען נאָר געשטעקט אין תורה, אַז אַ בן תורה זאָל גוט אָנטרעפן און קאָנען ווייטער לערנען.

צאַלקע איז נישט געווען פון דעם טיפּ שדכנים וואָס זאָלן אָפּפטרן דאָס שדכנות מיט דעם וואָס ער האָט צוזאַמענגעברענגט די מחותנים, אָדער וואָס מ'האָט געשריבן תנאים. ניין! ערשט נאָך דעם תנאים־שרייבן האָט זיך אָנגעהויבן צאַלקעס אַ נײַ שטיקל אַרבעט. ער האָט געגנוי געוווסט ווי ס'האַלט ביי דעם, אָדער ביי יענעם מחותן און אויב ס'האָט געטראָפן, אַז אַ מחותן פון דער כלהס צד האָט צוגעזאָגט אַ נדן און יענער האָט נישט געהאַט צו סילוקן — האָט צאַלקע גענומען דעם שירעם אין האַנט און אַוועק צו די פּראַצענטניקעס זוכן אַ הלוואה אויף נדן. און אַז צאַלקע האָט „גוטגעזאָגט", און נאָך דערצו אָנטפּלעקט דעם סוד צו וואָס דער מחותן דאַרף גראָד איצט אַן הלוואה, האָט ער גלייך באַקומען קרעדיט. דער נדן איז געסילוקט געוואָרן, און מ'האָט דאָס יונגע פּאָרל געפירט צו דער חופה.

גאַנץ אָפט האָט דאָס שטעטל אַריינגעטראַכט: פון וואַנען נעמט זיך צאַלקעס הצלחה אויסצופירן שידוכים? אָבער קיינער האָט אַפילו דערוועגן נישט אַ טראַכט געטאָן, אַז אַ סך מחותנים זענען אויסגעשטעלט אויף צאַלקע שדכן, נישט בלויז ער זאָל אויספירן דעם שידוך, נאָר ער זאָל אויך טראַכטן און טאַקע שאַפן אַ גרעסערע הלוואה אויף נדן און צומאָל אויף חתונה־הוצאות.

אויך נאָך דעם ווי אַ פּאָרל האָט שוין געהאַט חתונה געהאַט, האָט צאַלקע אַנדערש זיך אויפגעפירט ווי אַנדערע שדכנים. זיין מיסיע האָט ער געהאַלטן פאַר נאָך נישט פאַרענדיקט, און ער איז געשטאַנען מיט זיי

אין פאַרבינדונג. ער פלעגט זיך אָנפרעגן ביי די יונגע פאַרלעך, ווי ס׳גייט זיי? ווי זיי לעבן זיך צוזאַמען ביז... ס׳איז געבוירן געוואָרן דאָס ערשטע קינד.

און אַז מ׳האָט צאַלקען פאַרבעטן אויפן ברית — ווער שמועסט נאָך אַז מ׳האָט אים מכבד געווען מיט סנדקאות — האָט ער זיך שטאַרק משמח געווען, געמאַכט דעם אמתן לחיים און אַ ביסל בגילופין אַוועק אַהיים, אָדער אין בית־המדרש אַריין לערנען. ערשט דעמאָלט האָט ער געהאַלטן זיין מיסיע אַלס שדכן פאַר פאַרענדיקט.

דאָס שווערסטע פאַר צאַלקען איז געווען זיך אַרויסצורייסן אין דער פרעמד. דאָס שטעטל איז געווען צו קליין, אַז צאַלקע זאָל האָבן אַרבעט אַ גאַנץ יאָר, האָט ער געמוזט פון צייט צו צייט אַרויספאָרן אין אַנדערע גרעסערע שטעט.

אַז צאַלקע האָט געדאַרפט אַרויספאָרן ערגעץ־ווו וועגן אַ שידוך, איז דאָס געווען ביי אים ווי ער וואָלט באַדאַרפט פאָרן קיין אַמעריקע. ער האָט זיך גוט צוגעגרייט צו דער נסיעה, מיטגענומען פון אַ טלית און צוויי פאָר תּפילין ביז להבדיל קאַלאָשן און וואַרעמע וועש אויפן ווינטער. ער האָט זיך נישט באַנוגנט וואָס ס׳איז געווען אָנגעשריבן אין זיין נאָטיץ־ביכל, נאָר אויסגעשריבן גאַנצע צעטעלעך פּאַפּיר וועגן יחוס פון פאָטער און מוטערס צד. דערנאָך די מעלות פון די מחותנימס משפּחה און ערשט פון דער כלה אַליין. ביי אים, ביי צאַלקע שדכן האָט גאָרנישט געקאָנט געמאָלט זיין, אַז ער פאַרמאָגט אַ מיאוסע כלה.

אַז ער איז געקומען אין אַ שכנותדיקן שטעטל אַריין, כאָטש דאָס שטעטל איז געווען גרעסער, ס׳זענען געווען גרעסערע לומדים, רייכערע ייִדן און גרעסערע סוחרים, האָט ער זיי אַלע צוזאַמען מיטן שטעטל געמאַכט כעפּרא דארעא. מ׳קאָן זיי, פלעגט ער זאָגן נישט פאַרגלייכן אַפילו מיט די פּראָסטע, מיט די אָרעמסטע פון זיין שטעטל. און דעריבער, אַז ער קומט מיט אַ שידוך פון ווישקאָווע, איז עס אַ מזל־זאַך, אַ גליק וואָס טרעפט איין מאָל אין אַ יובל און אַ מציאה וואָס מ׳דאַרף כאַפּן מיט פאַרמאַכטע אויגן.

און טאָמער האָט איינער, אַ מחותן געוואַגט אים אויסצופרעגן מערערע פּרטים וועגן דער ווישקאָווער כלה: ווי לאַנג ער קען זי, צי דאָס מיידל גייט

ח״ו אַ מאָל נישט אין דער ביבליאָטעק אַריין וכדומה, איז צאַלקע ממש אַריינגעפאַלן אין כעס און אים באַלד אָריינגעזאָגט:

ר׳ ייִד, איר ווייסט מיט וועמען איר רעדט? אויב נישט, זייט מוחל און פרעגט אייך צוערשט אויף צאַלקע שדכן: ווער ער איז, וואָס ער איז, וואָס פאַראַ שידוכים ער פירט אויס, וועט איר פאַרשפאָרן פרעגן די אַלע קלאָץ־קשיות.

שטילן צאַלקעס כעס האָט מען נאָר געקאָנט מיט איין איינציקער זאַך — מיט אַ טרינק בראָנפן. ס׳איז גענוג געווען ער זאָל אַ נעפ־טאָן פונעם גלעזל, אַז די צונג זאָל ביי אים לויז ווערן און דעמאָלט איז אַ דאַר־שיקלדיק מיידל ביי אים אַרויסגעקומען אַ פירשטין, אַ בת מלכה, וואָס אַזאַ שיינהייט זעט מען נישט אין גאַנץ פוילן, אויסער אסתר המלכה און אונדזער מוטער רחל, וואָס די תּורה און מגילה זאָגן עדות, אַז זיי זענען געווען שיינהייטן. קיין אַנדערע האָט זיך שוין צו דער „ווישקאָווער כלה״ נישט געקאָנט פאַרגלייכן.

און צאַלקע האָט טאַקע אויסגענומען. זיין גלאַטיק צינגל איז געווען אַזוי געשליפן, אַז די מעשׂיות וואָס ער האָט אָנדערציילט וועגן נגידותשאַפט פון די מחותּנים האָבן זיך אַזוי געלייגט אויפן שׂכל, אַז ס׳איז שווער געווען אַנדערש צו טאָן ווי צאַלקע האָט פאָרגעלייגט. ס׳איז שווער געווען זיך אים אַנטקעגנ־צושטעלן. אַפילו אַ זאַך, וואָס מ׳האָט באַשיינפערלעך געזען מיט די אויגן, אַז ס׳איז אַנדערש ווי צאַלקע זאָגט, האָט מען ליבער געגלייבט צאַלקען, ווי די אייגענע אויגן. והריה לדבר: צאַלקע שדכן דרייט זיך שוין אַרום אַ שיין ביסל יאָרן, שדכנט שידוכים, קומט אויף ייִדישע חתונות און מ׳האָט נאָך נישט געהערט ס׳זאָל ווער זאָגן „ער האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט״, איז אַ סימן, אַז צאַלקע שדכנס אַ וואָרט איז אַ וואָרט — ראַיעל ווי אַ גאָלדן רענדל.

*

זעלטן, אַז צאַלקע זאָל אויף וועמען טראָגן אַ בייז האַרץ, אָפּגערעדט שוין אויף אַ בעל־מלאכה, אַן אָרעמאַן. אַפילו ווען מ׳האָט אים נישט באַצאָלט דאָס צוגעזאָגטע שדכנות־געלט, האָט ער יענעמען נישט געלאָדן צו קיין דין־תּורה. זאָל מיינס איבערגיין — פלעגט ער זאָגן. נאָר טאָמער האָט זיך אַ גאַווהדיקן גביר געגלוסט חוזק מאַכן פון אים — אַזאַ איינעם האָט ער

נישט געשענקט. אויפֿן אָרט האָט ער גאָרנישט געענטפערט. פֿאַרשוויגן. כּלומר; ס׳אַרט אים נישט, אָבער אין האַרצן האָט ער געטראָגן אַ פֿאַרדראָס אויף יענעמען און געטראַכט זיך: וואַרט, וואַרט, כ׳וועל דיר אָפּגעבן מיט פּראָצענט.

און צאַלקע האָט געוואַרט. ער האָט צייט. יענער האָט שוין פֿון לאַנג געהאַט פֿאַרגעסן אין דער זאַך — ערשט דעמאָלט איז צאַלקע ראַפּטעם אַ פֿאַל־אַריין געטאָן צום גביר מיט אַ ברען:

— ר׳ מעכל, כ׳האָב פֿאַר אייער טאָכטער אַ בחור אַ פּרי — איינס אין דער וועלט! אָנגעמאָסטן פֿאַר אייער רייזעלע, אַז אייער טאָכטער וועט אים דערזען, וועט זי אים כאַפּן מיט ביידע הענט.

— ווער איז דאָס דער בחור?

— ר׳ מעכל, מיט אַ טרוקענעם האַלדז?...

ר׳ מעכל האָט שנעל אַריינגעבראַכט געטראַנקען און צובייסעכץ און מכבד געווען צאַלקען.

— נו, זאָל מען שוין הערן אַ וואָרט, ר׳ צאַלקע.

צאַלקע האָט זיך נישט געאיילט און פֿאַוואָליע פֿאַרזוכט פֿון דעם און יענעם פֿלעשל — עלעהיי, האָט ער געטראַכט, פֿון אַ חזיר אַ האָר אַרויסגעריסן.

מעכל איז געזעסן ווי אויף הייסע קוילן, און צאַלקע? — ער האָט צייט.

— אפֿשר האָט איר אַ שמעק טאַבעק, ר׳ מעכל?

מעכל האָט געוואַרט ביז צאַלקע האָט זיך גוט אויסגעניסט און אָפּגעהוסט און אויף ס׳ניי גענומען אויספֿרעגן:

— נו, לאָמיר שוין הערן ווער איז דאָס דער בחור?

— פֿון דער פֿרעמד.

— ווי הייסט דער בחור?

— אליעזר.

— דער פֿאָטער?

— ר׳ איטשע.

— וואָס איז דער בחור?

— אַ... געגריוועטער שוסטער.

— ר־ו־אָ־אָ־ס? — האָט מעכל אויסגעגלאָצט אַ פּאָר בייזע אויגן.

אָבער צאַלקע שדכן איז שוין געווען אויף יענער זייט טיר און אַרײַנגעשמייכלט אין זיך: נאַדיר פאַר חוזק מאַכן פון צאַלקען שדכן.

לאַנג האָט צאַלקע נישט אַרײַנגעטראַכט אין דעם, ווייל אין קאָפּ ביי אים האָבן אויף ס׳ניי זיך געשפּינען פרישע זיווגים.

✶

מיט דער שטוב האָט זיך צאַלקע ווייניק־וואָס פאַרנומען. איין זאַך, וואָס ער האָט געקאָנט פאַרזאָרגן זיינע קינדער — ער האָט שוין געהאַט דריי דערוואַקסענע קינדער — אַז קיין שדכנות־געלט וועלן זיי שוין נישט דאַרפן באַצאָלן. אָבער די קינדער האָבן אים מוחל געווען די טובה און פאַרלאַנגט ער זאָל זיך נעמען צו אַ לייטישן מסחר. צאַלקע איז אָבער אויף דעם נישט איינגעגאַנגען און ער האָט אָפּגעענטפערט:

— קיין פּראָפעסיע ענדערט מען נישט און קיין איינגעפירטע פרנסה וואַרפט מען נישט אַוועק. וואָס זאָל איך אויף דער עלטער ווערן? אַ מלמד? האָב איך דען דעם קאָפּ זיך אַוועקצוזעצן און קנעלן מיט קינדער? אָדער אפשר זאָל איך ווערן אַ תבואה־סוחר און שלעפּן זעקלעך קאָרן און מעל? ס׳פעלט תבואה־סוחרים אין שטעטל? איי, ס׳איז דערווײַלע נישטאָ קיין פרנסה? גאָט וועט העלפן!

## „דאָס יִנגל"

א נאָמען האָט מען אים געגעבן נאָכן זיידן פון דער מר־טערס צד — יחזקאל. נישט מער, אין די קינדער־יאָרן זיינע האָט מען זיין נאָמען פאַרצויגן אויף חצקעלע, אָבער ווען ער איז אַ ביסל אונטערגעוואַקסן האָט מען אים גערופן: „דאָס יִנגל", און ביי דעם נאָמען איז ער שוין געבליבן — אַפילו ווען ער איז שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור.

פאַר וואָס מען האָט אים גערופן „דאָס יִנגל" איז נישט אין גאַנצן קלאָר. קאָן זיין צוליב דעם קליינעם וווקס זיינעם, קאָן אויך זיין וואָס בטבע איז ער געווען אַ שטילער, אַ פאַרטראַכטער. ווער ווייס? מען ווייסט אָבער יאָ, אַז מען האָט זיך נישט שטאַרק אומגעקוקט אויף אים, אַז מען האָט זיך נישט צוגעהערט צו אים, און אַלע זיינע רייד אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, ווי אַ שטייגער מען איז מבטל די רייד פון עפּעס אַ נאַריש יִנגל. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז וואָס ער האָט נישט געזאָלט טאָן, האָט נישט געטויגט. דאָ שטעל דיך נישט, דאָ — מעק דיך נישט. צו דעם צו האָט מען נאָך אים איינגערעדט, אַז ער וועט שוין פאַרבלייבן אַן אַלטער בחור. קוק נאָר אָן דעם מאַנספּאַרשוין — האָט מען זיך מיט אים גערייצט. וואָס פאַראַ מיידל וועט דאָס וועלן חתונה האָבן מיט אַזאַ יִנגל?

דאָס אַלץ האָט אין חצקלען איינגעפּלאַנצט אַ מינערווערטיק געפיל. ס'איז אים גאָרנישט ניחא געווען. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אַ דערשלאָגענער, אַ טרויעריקער.

דאָך איז חצקעלע צו 18 יאָר אַ חתן געוואָרן און דווקא צו אַ גרויסער יחוס־משפחה. מען האָט דאָס באַטראַכט ווי אַ גרויסער נס. די כלה איז געווען דער היפוך פון חתן: אַ הויכע, אַ ברייט־ביי ניקע, מיט אַ הויכן בוזעם און שוואַרץ־גלאַנציקע אויגן.

ווען חצקעלע האָט זי צום ערשטן מאָל דערזען, איז ער שטאַרק איבער־ראַשט געוואָרן. ער האָט זיינע אויגן נישט געגלייבט, אַז אַזאַ ווייבספּאַרשוין

װעט דאָס װערן זײַן װײַב. ער האָט זיך געטראַכט, אַז דער זכות פֿון זײַן זיידנס יחוס, װאָס האָט זיך געצױגן װי אַ גאָלדענע קייט פֿון רבנים און תּלמידי־חכמים איז אים בײַגעשטאַנען.

דאַקעגן זי, שׂרה גיטל, די כּלה זײַנע, װען זי האָט דערזען בײַ דער חופּה דעם „מאַנסביל" מיט װעמען מען האָט איר פֿאַרשלײערט, האָט זיך בײַ איר אײַן האַרצן װי עפּעס אָפּגעריסן. זי האָט פֿאַרשטיקט אַ טרער און אַ פֿינצטערע מחשבה האָט גענומען גריזשען: אָט מיט דעם ייִנגל האָט מען איר פֿאַרקנסט? שײַן באַמאַנט געװאָרן... זי האָט גלײַך דערפֿילט, אַז זי װעט שױן אָפּפֿינצטערן בײַ אים די בעסטע יאָרן אירע.

אירע מײדלשע חלומות זענען צערונען געװאָרן. אַנשטאָט צו זײַן אַ װײַב פֿון אַ גבֿר, װאָס זאָל איר שענקען ליבע, האָט זי געמוזט אים צוטוליען צו זיך װי אַ קלײן קינד. נישט אײן מאָל האָט זי זיך געװוּנטשן, איר מאַן זאָל זי פּײַניקן, אַפֿילו זידלען, אײדער אַזױ איר אַלץ נאָכגעבן און פֿאָלגן.

יאָ, דאָס חתונה־האָבן פֿאַר חצקעלען האָט זי אַנטױשט! זי איז מיד געװאָרן פֿון אירע װײַבלעכע געפֿילן, װאָס זענען מיטן מאָרגן־שטראַל, װאָס האָט זיך אַרײַנגעריסן דורכן פֿענצטער, צעגאַנגען װי אַ שװערער נעפּל, אָבער איר פֿרױען־שטאָלץ האָט איר נישט דערלױבט מער צו מאָנען.

בײַ די אַלע אונטערדריקטע געפֿילן, זענען פֿאָרט געקומען בײַ זײ קינדער אױף דער װעלט. זין און טעכטער. שׂרה גיטל האָט דעמאָלט אירע אַלע געפֿילן אָפּגעגעבן אירע קינדער. זי האָט זײ געצערטלט, געקושט און אָפּגעהיטן װי אַן אױג אין קאָפּ. מיט איר פֿירונג האָט זי געפֿונען חן, נישט בלױז בײַ אירע קינדער, נאָר אױך בײַ איר גאַנצער סבֿיבֿה.

װי די מחותּנים האָבן אָפּגערעדט, האָט חצקעלעס פֿאָטער געדאַרפֿט געבן דעם יונגן פּאָרל אַ סך יאָרן קעסט. אָבער דאָס רעדל האָט זיך אַ דרײ־געטאָן און שׂרה גיטלס שװער איז געװאָרן אַ יורד. שׂרה גיטל האָט פֿאַר־שטאַנען, אַז דער שװער אירער װעט זײ מער נישט קאָנען מפֿרנס זײַן. חצקל — האָט זי געװוּסט — טױג זיך נישט צום מסחר. האָט זי נישט לאַנג גע־טראַכט און זיך אײַנגעשפּאַנט אין שװערן יאָך פֿון פּרנסה. אױסער װײַב צו איר מאַן און מאַמע צו אירע קינדער איז זי געװאָרן די פּרנסה־געבערין. שׂרה גיטל האָט געדונגען אַ געװעלב און געפֿירט אַ מסחר פֿון נאָפֿט, קלײַען, מעל, צוקער און אַנדערע אַרטיקלען.

מיט דער צייט האָט זי זיך דערוואָרבן אַ גוטן שם ביי די סוחרים און גאָר ספּעציעל צווישן די אָרעמעלייט, וועמען זי האָט אַרויסגעהאָלפן אין זייער חיונה. שרה גיטל האָט געזאָרגט, אַז אין קיין ייִדישער שטוב זאָל נישט פאַרשעמט ווערן דער שבת.

אַנשטאָט שרה גיטל דעם ייִנגלס, ווי מען פלעגט איר פריִער רופן, האָט מען איר איצט גערופן „שרה גיטל די צדיקת", אָדער שרה די חכמה. מענטשן זענען געקומען צו איר, נישט בלויז נאָך הילף, נאָר אויך פרעגן עצות. מ׳האָט איר געהאַלטן פאַר די מאַמע פון שטעטל און חצקעלע איז דורך זיין ווייב דערהויבן געוואָרן. דאָס איז געווען איר באַלוינונג פאַר די דער־דריקטע ווייבלעכע געפילן.

אָבער אויפן שפּיץ באַרג איז זי נישט לאַנג געשטאַנען. זי האָט אָנגעהויבן צו ביסלעך קרענקען, וואָס אַ מאָל שטאַרקער און געפערלעכער ביז אין אַ פרייטיק צונאַכטס ביי ליכט־בענטשן איז זי פלוצעם אויסגעגאַנגען. ס׳האָט אויסגעזען ווי אַ מלאך וואָלט איר אַ קוש געטאָן און זי מיטגענומען מיט זיך אין גן־עדן אַריין. מענטשן האָבן געזאָגט, אַז זי איז געשטאָרבן ווי אַ צדיקת.

אירע זעקס יתומים זענען געבליבן אויף גאָטס באַראָט. חצקעלע האָט לויטן ייִדישן דין — אַז אַ ייִד טאָר נישט זיין אָן אַ ווייב — פונקט צו שרה גיטלס ערשטער יאָרצייט חתונה געהאַט.

חצקעלעס צווייטע ווייב איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע ווי שרה גיטל. זי איז געווען אַ קליין־געוויקסיקע מיט אַ ברייט פּנים און איינגעפאַלענע ברוסטן. אירע קליינע אַרבעס־אויגן זענען אַלע מאָל געווען אומרויִק, ווי זיי וואָלטן זיך געשראָקן פאַר יעדער זאַך וואָס זיי זעען. זי איז געווען אַ שטילע און שטענדיק אַ פאַרטראַכטע, ווי זי וואָלט געחלומט. פון נאַטור אַ גוטע, אָבער אַן עצה געבן זיך מיט די זעקס יתומים האָט זי נישט געקאָנט. דאָס הויז האָט אויסגעזען ווי ס׳וואָלט געווען אָן אַ בעל הביתטע. דאָ איז אָבער אומגעריכט פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין חצקלען. ער איז געוואָרן אַ פאָטער, אַ מוטער און אַ שטאַרקער מאַן דערצו. קודם־כל האָט חצקעלע אַוועקגעגעבן זיין עלטסטן זון צו זיין פאָטער. דאָרט האָט ער געוווּסט וועט מען אים מגדל לתורה זיין. דער זון, ירחמיאל איז טאַקע געוואַקסן ווי אויף הייוון און אויסגעוואַקסן אַ גרויסער למדן.

דאָס גאַנצע שטעטל האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז ירחמיאל וואַקסט אַ גאון און וועט זיין אַ רב בישראל. „ער האָט אויף זיך זיין מאַמעס, שרה גיטלס קאָפּ" — האָט מען געזאָגט. דער זיידע האָט אים געשיקט לערנען אין די גרעסטע ישיבות, וואָס ער האָט נאָר פאַר אים געקאָנט קריגן. אָבער אַפילו אין די גרויסע ישיבות האָט ער מיט זיין חריפות איבערראַשט זיינע רביים. אין בית־המדרש, ווו ער האָט געלערנט מיט אַ כּתה עלטערע בחורים פון אים, האָט ער אַרויסגעוויזן אַזוי פיל גאונות, אַז די בחורים האָבן גערעדט צווישן זיך: „רחמיאל וועט ווערן אַ גרויסער רבי, אָדער... אַ גרויסער אַפּיקורס".

איין מאָל, ווען ירחמיאל איז אַזוי געזעסן פאַרטיפט אין לערנען, קומט אַריין ר' צאַלקע שדכן און זאָגט אים אָן אַ בשורה־טובה, אַז ער זאָל באַלד קומען אַהיים, ווייל ער ווערט היינט אַ חתן פאַר דער איינציקער טאָכטער פון גרויסן יחסן און גביר, ר' שמערל טוכמאַן.

ירחמיאל האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און אַ פרעג־געטאָן:

— ווי זעט אויס די כּלה?

צאַלקע שדכן האָט זיך אין גאַנצן אַ טרייסל־געטאָן פאַר אויפרעגונג.

— וואָס? — האָט ער אויסגעשריגן מיט כּעס — ס'טייטש, דו שייגאַץ איינער, ווי וואַגסטו, תּלמיד־חכם פון שטעטל, פרעגן ווי עס זעט אויס די כּלה? וואָס, דו קענסט זיך שוין נישט פאַרלאָזן אויף דיין זיידן?

ירחמיאלן איז אַדורך אַ דרעשטש איבערן קערפּער. די אויגן האָבן ביי אים גענומען פינטלען און די הענט ציטערן. ער האָט אין גאַנצן געפלאַטערט. ער האָט אינסטינקטיוו דערפילט, אַז עס וואַרט אויף אים זיין מאַמעס גורל...

— זע נאָר, זע נאָר ווי ער ציטערט דאָס — זאָגט צו אים צאַלקע שדכן. ביסט עפּעס אַ קליין יינגל? דו ביסט דאָך שוין אַ בחור פון 16 יאָר, און ביז דו וועסט גיין צו דער חופּה וועסטו שוין באַלד זיין אַ בן שמונה עשרה לחופּה. זאָרג נישט, ירחמיאל! דיין זיידע האָט פאַר דיר אויסגעקליבן אַ כּלה פון גרויסן יחוס. אַ משפּחה פון דיינים און רבנים. איז וואָס פּלוצעם דאַרפסטו עס וויסן ווי די כּלה זעט אויס? ליבע קומט נאָך דער חתונה! טאָ וואָס איז דער אונטערשייד? חתונה האָבן מוז יעדער מאַן. אַזוי שטייט אין דער תּורה. דיין טאַטע האָט אויך נישט געזען דיין מאַמען. נו, האָבן זיי נישט געהאַט זעקס קינדער? און דו, פאַרלאָז זיך נאָר אויף דיין זיידן,

ווערסטו אויך געבענטשט זיין מיט אַ ווייב, וואָס זאָל זיין אַזאַ צדיקת, ווי דיין מאַמע ע״ה איז געווען.

אַזוי איז טאַקע געווען. ירחמיאל איז די זעלבע נאַכט אַ חתן געוואָרן. דער מחותן האָט צוגעזאָגט אייביקע קעסט, כדי זיין צוקינפטיקער איידעם זאָל זיצן יומם ולילה און לערנען תורה.

מ׳האָט געבראָכן טעלער, געטרונקען לחיים, אָבער ירחמיאל האָט די גאַנצע צייט געקוקט פאַר זיך טעמפּ און געפילט זיך ווי אַ זייטיקער, ווי נישט אים מיינט מען. כאָטש ער האָט זיין כלה נישט געזען, האָט ער אָבער געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז עס איז נישט דאָס, וואָס ער האָט געחלומט. ער האָט געוואָלט, אַז זיין כלה זאָל זיין שיין ווי אַ בת מלכה. ער וואָלט באַ־שטאַנען, ווי יעקב אָבינו, צו דינען זיבן יאָר, אַבי זיין כלה זאָל זיין דאָס, וואָס זיין האַרץ באַגערט. אַפּנים דאָס צוזאַמענלעבן פון זיין טאַטע־מאַמע, כאָטש ער איז דעמאָלט געווען אַ קליין יינגל, האָט שטאַרק געווירקט אויף אים. ער האָט, ווייזט אויס, אינסטינקטיוו דערפילט, דאָס עס איז געווען אַ צעריסן לעבן, אַ לעבן, וואָס ער וואָלט דאָס נישט געוואָלט דורכלעבן.

צום יאָר נאָך די תנאים האָט ירחמיאל חתונה געהאַט. ער איז גע־גאַנגען צו דער חופה פּאַסיוו, נאַכלעסיק און געפילט ווי אייזערנע צוואַנגען דריקן זיין גוף. נישט ער גייט, נאָר מען שלעפּט אים מיט געוואַלט. אויפן וועג צו דער חופה האָט ער מיט פאַרמאַכטע אויגן געזען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אים נישט געלאָזן שטעלן קיין טריט. אים איז פאָרגעקומען ווי זיין מוטער איז פון קבר אויפגעשטאַנען און געקומען אים וואָרענען. ער האָט איר שטימע דייטלעך געהערט:

— קינד מיינס — האָט די מוטער צו אים געזאָגט — לאָז דיך נישט פאַרפירן! ליבע מוז מען פילן. זיי נישט קיין קרבן, ווי איך בין געווען!

אָבער איידער ירחמיאל האָט נאָך געקענט באַגרייפן וואָס ס׳קומט מיט אים פאָר, איז שוין געלעגן דאָס גלאָז אונטער זיינע פיס. ער האָט מעכאַניש אויפגעהויבן אַ פוס און עס צעבראָכן מיטן שטיוול. ער האָט מער נישט געהערט ווי אַ שטאַרקן טראַך. קיינער האָט אָבער נישט געוווסט אַז דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון כעס און פּראָטעסט.

שיינע רבקה, זיין כלה האָט אים צערטלעך אָנגענומען ביים אָרעם, גייענדיק צוריק פון דער חופה, וואָס איז פאָרגעקומען אויפן שול־הויף,

אָבער ירחמיאל האָט ערשט איצט דערפילט, אַז זיין מאַמעס ווערטער שטיקן אים אין האַלדז. די ערגסטע, שווערע מאָמענטן זענען פאָרגעקומען אין חתן־כלה־צימער. ווי אַ וואַנט האָט זיך עפּעס אַוועקגעשטעלט צווישןביידן.

ערשט צו מאָרגנס האָט ער דערזען, אַז זיין ווייב איז אַ הויכע, אַ דאַרע, ממש הויט און ביינער. זי האָט געקוקט אויף אים מיט אונטערטעניקייט און גלייך דערפילט, אַז זי האָט נישט שטאַרק אויסגענומען ביים מאַן.

און אויך זי, שיינע רבקה האָט געמוזט, ווי זיין מאַמע, שרה גיטל, פאַרבייגן די שאַנדע און צניעות און פאָדערן איר רעכט... זי האָט גע־ווּסט, אַז אויב זיי ווערן נישט מאַן־און־ווייב דערוואַרט איר אויסצושטיין חרפּות און בושות...

ירחמיאלן האָט אַרומגעכאַפּט אַ גרויס רחמנות אויף זיין ווייב. ער האָט אַליין נישט געוווּסט פאַר וואָס ער קאָן זיך נישט דערנענטערן צו איר. אמת, זי איז נישט אַזוי שיין, ווי ער האָט געהאָפט, אָבער זי איז אויך נישט קיין מיאוסע. זי איז אַ שטילע, אַן איידעלע, אַן אונטערטעניקע — און דאָך פילט ער אַ מחיצה צווישן זיך און איר.

אַזוי זענען אַוועק באַלד צוויי יאָר. קיין קינדער זענען נישט געקומען אויף דער וועלט און זיינע שוויגער־עלטערן האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז זייער טאָכטערליידט יסורים... זיי האָבן באַשיינפּערלעך געזען ווי זי גייט איין פון טאָג צו טאָג. אָבער זי וועט, חלילה, אויף איר ירחמיאלן נישט לאָזן פאַלן קיין שלעכט וואָרט. די שווערע ליידן אירע האָט זי שטיל געדריקט אין איר אייגענעם האַרצן, אַז קיינער זאָל נישט וויסן.

אַ טאַטנס האַרץ פילט אָבער אַלץ און ער האָט באַשלאָסן זיך צו ווענדן צום רב, און פאָדערן אַ גט פאַר זיין טאָכטער.

דער רב האָט גענומען דאָס פּאָרל חוקר ודורש זיין. ער האָט אַריינ־גענומען ירחמיאלן צו זיך אין אַלקער און נאָך אַ לאַנגן שמועס איינגעזען, אַז עפּעס אַ פאַרהוילענע זאַך שטערט זייער צוזאַמענלעבן.

נאָך דעם האָט ער געראָטן ירחמיאלן ער זאָל פאַרלאָזן זיין ווייב כאָטש אויף אַ יאָר צייט. ער זאָל וואַנדערן איבער שטעט און דערפער, זיך באַ־קענען מיט אַנדערע מענטשן. ערשט דאַן וועט ער אַליין איינזען, אַז דאָס וואָס ער זוכט ביי יענעם, געפינט זיך אין זיין אייגן הויז.

ירחמיאל האָט אָנגענומען דעם רבס עצה און אַרומגעוואַנדערט איבער שטעט און דערפער. ער האָט געלערנט מיט קינדער כדי זיך צו דערנערן.

און וואָס מער ער איז געקומען אין באַרירונג מיט מענטשן האָט ער ערשט איינגעזען, אַז ער ווייסט נישט וואָס אים פעלט.

איין מאָל איז ער געקומען אין אַ קליין שטעטל אַריין און אויסגעפונען, אַז דאָרט געפינט זיך זיינס אַ קוזין, וואָס די משפחה האָט כמעט זיך אָפּגעזאָגט פון אים, ווייל ער האָט פאַרשעמט זיינע עלטערן. ער איז אַוועק פון לערנען תּורה און געוואָרן אַ שמיד. ער האָט זיך דערמאָנט אַז אויב מ׳האָט אַ מאָל גערעדט וועגן קוזין, איז דאָס געווען אַ מין שושקען זיך, די קינדער, זאָלן חלילה, נישט הערן.

ער איז געווען איבעררעשט בעת דער קוזין האָט זיך דערקענט צו אים. ער האָט איינגעזען, אַז דער ייִד וואָס שמידט אייזן איז אַ גרויסער תּלמיד־חכם. ער איז געווען דערשטוינט פון די איידעלע און פּרעציזע אויסאַרבעטונגען וואָס זיין קוזין מאַכט אַלץ פון אייזן. ער האָט זיך נענטער באַקענט מיט זיין הויז־געזונט, מיט זיין פרוי און קינדער און מיט אַ מאָל דערפילט אַ נייע, וואַרעמע סביבה. אין דער דאָזיקער שטוב האָט געהערשט אַ רויִק, שיין, ערלעך לעבן. אַ לעבן פון ליבע, תּורה און עבודה — אַ זאַך, וואָס פעלט אים, ירחמיאלן. ירחמיאל ווערט היימישער, נענטער מיטן קוזין און ביסלעכווייז אַנטפּלעקט ער פאַר אים דאָס אַלץ, וואָס ליגט ביי אים טיף אין האַרצן.

— ווי לאַנג דו וועסט עסן בחינמדיק ברויט, וועסטו זיין אומגליקלעך — זאָגט אים דער קוזין.

ירחמיאל האָט זיך פאַרשעמט. דער קוזין איז גערעכט — האָט ער ביי זיך געטראַכט. פון יענעם פאַרלאַנג איך אַלץ און איך אַליין קאָן פון זיך גאָרנישט געבן, אַפילו נישט מפרנס זיין אַ פרוי. ס׳איז אים געקומען אויפן געדאַנק דער זאָג פון שלמה המלך „אם לא תדעי לך היפה בנשים, צאי לך בעקבי הצאן". איז דען דער נביא עמוס נישט געווען אַ פאַסטעך? דער תּנא ר׳ יוחנן אַ שוסטער? ער איז נאָך אַ מאָל אַריינגעגאַנגען אין וואַרשטאַט און גוט באַטראַכט די מעטאַלענע אויסאַרבעטונגען פון זיין קוזין. ביין, צו אַזאַ פאַך וועט ער נישט דערגיין. זיינע הענט זענען צו דין צו ווערן אַ שמידט.

ראַפּטעם האָט אויפגעבליצט ביי אים אַ געדאַנק, וואָס האָט אים שוין נישט אָפּגעלאָזן איבערן גאַנצן וועג אַהיים.

צוריקגעקומען אַהיים איז ער גאָר אַן אַנדערער. ער האָט זיך געפילט שולדיק אַנטקעגן זיין ווייב און נישט געקאָנט אויפהייבן צו איר די אויגן זיינע. ער האָט נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. פאַרשלאָסן אין זיך.

שיינע רבקה האָט געפילט, אַז מיט איר מאַן האָט אין דער פרעמד עפּעס פּאַסירט. זי האָט שטאַרק איבערגעקלערט: „ווער ווייסט צי וואָס מ'האָט אים דאָרט אָנגערעדט"... און אַז אויך אין צווייטן טאָג פון זיין צוריקקומען האָט ער גאָרנישט דערציילט, האָט זי זיך צעוויינט.

ערשט אַצינד האָט ירחמיאל מער נישט געקאָנט איבערטראָגן דעם צער פון זיין ווייב. ער איז צו צו איר נאָענט און שטיל געזאָגט:

— שיינע רבקה.... וואָס עפּעס וויינען?

אָבער שיינע רבקה האָט זיך נאָך מער צעהעשעט.

ירחמיאל האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן און זיך געבעטן ביי איר:

— שיינע רבקה, הער אויף! הער אויף! וועל איך דיר זאָגן עפּעס נייעס. זי איז שטיל געבליבן.

— שיינע רבקה — כ'וויל זאָלסט ווערן מיין ווייב...

זי האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר שטויגענדיקע אויגן:

— וואָס כ'בין דען נישט דיין ווייב?

— מיין ווייב ביסטו טאַקע יאָ, אָבער על־פּי דין בין איך מחויב דיך מפרנס צו זיין פון מיין פּראַצע... איך וויל — האָט ער ווייטער גערעדט און זיך געשטיקט מיט די ווערטער — איך וויל אַוועק פון דאַנען. אַוועק פון דיין טאַטנס הויז. אַוועק איבער גרענעצן און ימען.

— מיט מיר?

— אַוודאי מיט דיר! וואָס דען זיין נע ונד...

ביידע האָבן זיך אַרומגענומען און לאַנג אַריינגעוויינט אין זיך. ס'האָט אויסגעזען ווי דער טרערן־קוואַל האָט זיך מיט אַ מאָל געעפנט און גענומען פליִיצן אָן אויפהער. דאָס זענען געווען טרערן, וואָס האָבן אויפגעלייזט זייערע געמיטער. נאָך דעם זעלבן אָוונט זענען ביידע אַריין אין פאָטערס צימער.

— טאַטע! — האָט שיינע רבקה קוים אויסגעשטאַמלט — מיר ווילן אַוועק פון דיין הויז.

— ווו אַהין?

— קיין ארץ־ישראל!

— וואָס? — האָט דער אַלטער אויסגעשריגן ווי נישט מיט זיין קול און זיך שווער צעהוסט.

אַז ער האָט זיך אויסגעהוסט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט קעגן איבער דעם איידעם און אים געמומען מוסרן:

— וואָס מיינסטו דאָס מיט דיר, ירחמיאל? אַלע מאָל טראַכסטו אויס נייע שטיק; דאָ אַ ברוגז מיטן ווייב. דאָ גייסטו אַוועק אַ יאָר אין גלות אַריין. און איצט ווידער עפּעס אַ נייע שפּיל... סטייטש? איך האָב דאָך דיר געגומען פאַר אַן איידעם אויף אייביקע קעסט. האָסט דען עפּעס אַ ספק, אויב כ׳בין דיך מיט מיין טאָכטער אומשטאַנד אויסצוהאַלטן? וואָזשע מ׳פירט נישט ביי מיר אַ נגידיש הויז? ס׳פעלט דיר דען עפּעס ביי מיר? פון דעם ווילסטו גאָר, איך זאָל זיך שיידן מיט מיין טאָכטער און פאַרשיקן זי אין אַ ווייט לאַנד אַריין...

דער שווער האָט זיך ווידער צעהוסט און אַז ער האָט זיך אויסגעהוסט האָט ער ממשיך געווען:

—...טאַקע אַ לאַנד וואָס אני מאמין באמונה שלימה, אַז משיח וועט קומען וועט עס זיין אונדזער. אָבער מיין איידעם אַ פּויער?... אַן ערד־אַרבעטער?

אָבער שיינע רבקה האָט געהאַלטן מיט איר מאַן און איז גרייט געווען צו גיין מיט אים אין עק וועלט אַריין.

ערשט נאָך אַ לאַנגן וויכוח האָט דער פאָטער איינגעזען, אַז ס׳וועט אים דאָ גאָרנישט העלפן און באַזונדערס — האָט אויפגעבליצט אַ מחשבה — אפשר איז די זאַך, גאָרנישט אַזוי קרום? ווער ווייסט? און — ער האָט נאָכגעגעבן.

איצט איז זי ירחמיאלן באַענט געוואָרן. איר שטימע האָט געקלונגען אַנגענעם און איר פּנים איז אויסגעקומען פיל שענער. עפּעס אַ וואַרעמער שטראָם האָט אַנגעהויבן ריזלען ביי אים אין האַרצן און ער האָט דערפילט, אַז עס גייט פאַר זיי אויף אַ ניי לעבן.

מיט דעם־אַ נייעם געפיל האָבן זיי זיך געלאָזן קיין ארץ־ישראל.

# די אייזערנע באַנק

אויף די שפּיצן פון די עפּלביימער האָבן זיך גענומען אויספּיקן די איינגעוויקלטע בלעטער. ווייט אַרום האָבן די פעלדער חנעוודיק זיך געגרינט. דאָ און דאָרט האָבן זיך אויף די מיעדזעס באַוויזן רויטע און בלויע פעלד־בלימלעך. איבערן בוג האָט געשפּיגלט אַ וואַרעמע פרילינג־זון און זיינע וואַסערן האָבן שטיל און עלאַסטיש אָנגערירט די ברעגעס.

אויף יענער זייט בוג, נאָענט צום וואַלד, איז צווישן צוויי גרויסע סאָסנע־ביימער געשטאַנען אַן אַלטע אייזערנע באַנק. מ׳האָט נישט געקענט דערגיין ווען ס׳איז איינגעפאַלן, אין אַ געגענט וואָס איז פול מיט וואַלד און האַלץ, אויפצושטעלן און באַפעסטיקן מיט טיפע צאַפּנס, אַן אייזערנע באַנק. די פּויערים פון נאָענטן דאָרף האָבן זי גערופן „לאַוואַ פּאַניאַטאָווסקיעגאָ", ווי זי זאָל זיין אַן אַנטיק פון פּאַניאַטאָווסקיס צייטן. קיינער האָט נישט געוואַגט צו רירן די אייזערנע באַנק פון אָרט. זעלטן האָט זיך ווער אויף איר אָוועקגעזעצט. פּויערים פון דאָרף, אַפילו נאָך אַ לאַנגן גאַנג, ווען זיי האָבן געשלעפּט פּעק האָלץ אויף די פּלייצעס, האָבן אויף דער אייזערנער באַנק זיך נישט אָפּגערוט. פאַרשידענע לעגענדעס פלעגן די דאָרפסלייט דער־ציילן וועגן דער אייזערנער באַנק, וואָס ווייַנט ביים זונאויפגאַנג און טראָפּנס בלוט קייקלען זיך פון איר.

אָבער איין מאָל, ווען כ׳בין דאָרט אַדורכגעגאַנגען, האָב איך דערזען ווי אויף דער אייזערנער באַנק זיצט אַן אַלטער מאַן. זיין פּאָזיציע איז מיר פאָרגעקומען אויסטערליש: ער איז נישט געזעסן אָנגעשפּאַרט, ווי אַ מענטש, וואָס קומט זיך אָפּרוען. דעם קאָפּ האָט ער געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט און אונטערגעשפּאַרט אים מיטביידע הענט. ער האָט אויסגעזען, ווי אַ פרעמ־דער, וואָס האָט דאָ אַהער פאַרבלאָנדזשעט. ער האָט זיך נישט אַרומגעקוקט, ווי דער אַרום וואָלט אים פאַרמיאוסט געוואָרן און ער וויל אים אין גאַנצן נישט זען. דער מאַן איז געווען אָפּגעלאָזן, זיין פּנים איז נישט געווען

ראַזירט און זיינע מלבושים זענען געווען צעקנאָדערט. איך האָב זיך גע־שלאָגן מיט די געדאַנקען, צי זאָל איך פרעגן דעם אַלטן, וואָס ס׳באַטייט זיין טרויער, אָבער ווען כ׳בין פאַרבייגעגאַנגען נאָענט פון דער אייזערנער באַנק, האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, ראַש אויפגעהויבן דעם קאָפּ און אויף מיר אָנגעשטעלט אַ פּאָר פרעגנדיקע אויגן:

— וועמען זוכסטו דאָ?

און איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט אַ וואָרט אים צו ענטפערן, האָט ער ווייטער געפרעגט:

— אפשר האָסטו עפּעס אַ בריוול פּאַר מיר, אַ ידיעה?

איך האָב זיך פּאַר דעם אַלטן דערשראָקן. וואָס וויל ער פון מיר? איז ער ביים זינען?

ס׳האָט מיר באַנג געטאָן, פּאַר וואָס כ׳האָב אים נישט אויסגעמיטן און כ׳בין נישט שנעל אַדורכגעלאָפן דעם וועג. איך האָב אָבער ריזיקירט איבער־צופרעגן:

— פון וועמען דערוואַרט איר אַ ידיעה, אַ בריוול?

— פון וועמען כ׳דערוואַרט, פרעגסטו? איך האָב נאָר איין מענטש, פון וועמען כ׳קען עפּעס דערוואַרטן. מער אויף דער וועלט האָב איך קיינעם נישט, נישט קיין פריינד און נישט קיין קינד. זאָג, אפשר האָט זי דורך דיר עפּעס באַפוילן?

— אָבער וועגן וועמען רעדט איר? — האָב איך מיט פּחד אויסגעשריגן.

דער אַלטער האָט זיך צוריק אַנידערגעזעצט אויף דער באַנק און גע־בעטן, כ׳זאָל זיך אַוועקזעצן לעבן אים. איך האָב נישט געהאַט קיין ווילן דאָס צו טאָן, אָבער אין דעם אַלטנס אויגן איז געליגן אַזוי פיל טרויער, אַז כ׳האָב זיך פאַרזיכטיק אָנגעשפּאַרט אין דער שפּיץ באַנק, גענוג אָפּגערוקט פון אים, אַז ער זאָל מיך נישט קענען גרייכן מיט דער האַנט.

דער אַלטער האָט מיר אַצינד אויסגעזען רויקער. דער ווילדער בייגיר איז אין גאַנצן פאַרשוואונדן פון זיין פּנים. אויך מיין חשד, אַז ער איז נישט ביים קלאָרן זינען, איז אַוועק. אָבער זיין שטימע האָט זיך געענדערט. זי איז געוואָרן אַזוי סענטימענטאַל, ווי זי וואָלט אַרויסגערעדט פון אַ ייִנג בחורל:

— דו ביסט יונג און שיין — האָט ער אָנגעהויבן — דיינע אויגן זענען

פול מיט גוטסקייט. דו האָסט מיר דערמאָנט אין מיין יונג לעבן. אויך איך בין אַ מאָל יונג געווען, ליב געהאַט און געטרוימט פון אַ גליקלעך לעבן. כ׳וואָלט שוין היינט טעכטער אין דיין עלטער געקענט האָבן. אָבער איך בין פאַרבליבן אַן אַלטער בחור, וואָס האָט זיין גליק פאַרשפּילט, אָט דאָ, אויף דער אייזערנער באַנק.

פון זיינע ווערטער איז מיר געוואָרן קאַלט אין די ביינער. מיין האַרץ האָט גענומען האַסטיקער קלאַפּן. וואָס וויל ער מיר דערציילן?

דער פרעמדער האָט אַרויסגענומען אַ גראָבן העפט פון בוזעם און מיר נאָענט צוגעטראָגן.

— לייענסט גוט יידיש?

— יאָ.

— טאָ לייען איבער וואָס דאָ איז געשריבן.

כ׳האָב געעפנט דעם העפט און דערזען פערלדיקע אותיות, צעזייטע איבער די בלעטלעך.

— ווער האָט דאָס געשריבן?

— אַ מאָל האָב איך דאָ אויף דער אייזערנער באַנק געטראָפן אַ מאַן מיט לאַנגע האָר. ער האָט געטראָגן אַן אָפּגעבלאַקעוועטע פעלערינע און יעדן פרימאָרגן איז ער דאָ אַהערגעקומען הערן, ווי די פייגל זינגען. ער האָט אויסגעזען ווי אַ מוזיקער, אַ פּאָעט אָדער אַ מאַגאַך. ער האָט געהאַט געדולד מיך לאַנג אויסצוהערן און איך האָב אים אַלץ דערציילט. אין לעצטן טאָג איידער ער איז פון דער געגנט אַוועק, האָט ער מיר געבערענגט אָט דעם העפט אַ מתנה.

איך האָב געלייענט אין דעם העפט:

אַ מאָל, אַ מאָל, זענען אויף דער באַנק געזעסן שטיל אַרומגענומען אורקע, דעם געגריוועטן שוסטערס זון, מיט דער שיינער סאָניטשקע, ר׳ חיים זיידלערס טאָכטער.

שטענדיק איז זי געקומען פריער פון אים. אַלע מאָל איז ער געווען דער פאַרשפּעטיקטער. טייל מאָל פלעגט זי זיך אַוועקשטעלן גלייך ביים אייזערנעם זייל פון דער בריק, אַז מ׳האָט זי אַפילו פון ווייטנס נישט באַמערקט, און ווען ער איז שוין גאָר נאָענט געווען, איז זי מיט אימפּעט אָפּגעלאָפן און אַ שפרונג געטאָן אין זיינע אָרעמס. ער האָט ליב געהאַט

די שטילקייט פון דער אַרומיקער נאַטור, דעם טייך, די גרינע לאָנקעס, דעם ברעג, די קליינע הייזלעך מיט די שינדלדעכער און רויכערדיקע קוימענס, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון דער ווייטנס, און ווען סאָניטשקע האָט זיך צו אים צוגעטוליעט, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ביידע געהערן זיי צו דער זעלבער נאַטור, צוזאַמען מיטן סאָסנאָוון וואַלד, מיט די ברעגעס פון בוג...

סאָניטשקע איז געוואַקסן אין הויז פון שטאָטישן גביר ר׳ חיים זיידלער, דעם רייכן וואַלד־סוחר. ר׳ חיים האָט זיין גאַנץ לעבן געהאַנדלט מיט פּריצים, און אַליין איבערגענומען עפּעס פון פּריצישן אויפפיר. אין דער היים איז ער געווען דער אמתער פּאַטריאַרך. ער האָט געהאַלטן אין הויז דינסטן און משרתים. ער איז אַרויסגעפאָרן אין אַ קאָטש מיט אַ סטאַנגרעט און אַ פּאָר שיינע פערד. זיין ברייטע באָרד איז אַלע מאָל געווען אויסגעקעמט, און ווער נאָר ס׳האָט אים באַגעגנט אין גאַס, האָט אים אָקעגנגעטראָגן אַ ברייטן „גוט מאָרגן, ר׳ חיים!״

אין צווייטן עק פון שטעטל, ווייט פון ר׳ חיים זיידלערס יוסט־געמויערטן הויז, איז אין אַן ענגער שטוב, נעבן אַ פאַרשמירטן מיט וואַקס טישל, אַנגעוואָרפן מיט פלעקלעך און הילצערנע שפּילקעס, געזעסן אַ טאַטע מיטן זון אויף קליינע דרייפיסיקע שוסטער־בענקלעך, און געקלאַפּט טשוועקלעך אין שיך, אַנגעצויגענע אויף קאַפּיטעס. אין מיטן טישל האָט געררייכערט אַ קנויטלעמפּל, אויף וועלכן ס׳האָבן זיך געוואָרעמט אייזנס אויסצולאַקירן מיט שוואַרצן וואַקס די שיך. אַרום זענען געווען אַנגעוואָרפן קאַפּטשעס און אַנגענאַגלטע שיך אויף קאַפּיטעס. דעם שוסטערס ווייב האָט זיך געפּאָרעט ביי דער קיך און אַ פּאַרע פון קאַרטאָפל מיט פריש שעפּסן־פלייש האָט אַנגעזאַפּט די שטוב.

זינט אורקע האָט דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט סאָניען איז ער געוואָרן אַנגעלאָדן און שווייגנדיק. שוין אַ שיינע פּאָר יאָר ווי ער אַרבעט מיטן פאָטער, און קוים וואָס מען אַרבעט אויס אויף חיונה און אַ לייטישן בגד אויף שבת. אין די לעצטע וואָכן האָט דער טאַטע באַמערקט, אַז דער יונג קאָן נישט איינזיצן אויפן שוסטער־בענקל און ער וואַרפט אַוועק די אַרבעט אַ פּאָר שעה פאַר זון־אונטערגאַנג. ער וואַשט זיך אַרום, פּוצט זיך אויס און מאָנט אַלע מאָל ביים טאַטן אַ שיינע פּאָר קאָפּיקעס אין טאַש אַריין.

דער געגריוועטער שוסטער האָט דאָס נישט געקאָנט פאַרטראָגן: מילא, אויף אַ פּאָר נייע הויזן אָדער געמזענע שטיוועלעך, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עס קומט אים — אַ בחור וואָס גייט אין דער ביבּלאָטעק, לייענט ביכלעך, מוז זיין אָנגעטאָן לייטיש, אָבער סתם אין אַ פּראָסטן מיטוואָך געבן אים געלט אין טאַש אַריין?

דערפאַר אָבער האָט אורקע געהאַט אַ מאַמע — אַ צדיקת. זי האָט פון די אָרעמע פאַרדינסטן נאָך אָפּגעשפּאָרט אַ פּאָר גילדן, און שטענדיק, ווען דער טאַטע האָט אָפּגעזאָגט צו געבן אורקען טאַשנגעלט, האָט זי אים אונטערגעשטופּט אַ פּאָר גילדן.

ווען אורקע איז אַרויס אין דרויסן האָבן דער מאַמעס אויגן זיך איינגע־קוקט אינעם לייביקן שוסטער־בענקעלע. זי האָט געוואָלט דערגיין צי זי איז זיך נישט טועה, צי עס דאַכט זיך איר נאָר, אַז אין די לעצטע פּאָר וואָכן האָט זיך איר זון אין גאַנצן פאַרענדערט. עפּעס האָט זי שוין געהערט, מ'האָט איר אונטערגעטראָגן, דערציילט, אַז דער יונג גייט אַרום מיט אַ נגידס אַ טאָכטער. מינדל די פישערקע האָט אַפילו זיך געשוואָרן, אַז זי אַליין האָט אורקען געזען גיין אַרומגענומען מיט ר' חיים זיידלערס בת־יחידה.

שבת איז אורקע אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירן אַן אויסגעפּוצטער — מיט נייע שטיוועלעך, אין אַ שטייף־געפּרעסט העמד און הויזן מיט טאַשן פון פאָרנט, ווי עס טראָגן פּריצישע רייטער. דאָס איז סאָניטשקען נאָך מער געפעלן, און אַז זי האָט אים געזען פון דער ווייטנס, איז באַלד זיך צעפּאַלן די וואַנט צווישן ר' חיים זיידלער און דעם געגריוועטן שוסטער...

דער וואַלד האָט געשמעקט מיט פרישקייט. אויף די קליינע יאַגדעביימלעך האָבן נאָך געשפּיגלט פרישע רעגן־טראָפּנס. די פייגל זענען אַרומגעשפּרונגען מיט אַ פריילעך שווישטשעריי. ס'האָט זיך אים אויסגעדאַכט, ווי די ביימער האָבן גענומען האַסטיקער אָטעמען מיט זייערע נאָדל־לונגען און עס קומט אים אַקעגן אַ שטיל געזאַנג. דאָס געזאַנג האָט זיך אָבער צו אים נישט דערנענטערט, אויך נישט דערווייטערט. באַלד האָט ער זיך געכאַפּט, אַז אַזוי לאַנג ווי ער איז לעבן סאָניטשקען, שטעקט דאָס געזאַנג אין אים אַליין... אָט טאַקע דערפאַר האָט ער איצט נישט געפונען קיין ווערטער צו ריידן. ער האָט זיך קוים דערמאָנט אין די ביכלעך, וואָס ער האָט איר יענע

וואָך געבראַכט אין וואַלד אַריין. דאָס זענען געווען דינע בראָשורן, מאַנכע אָן טעוועלעך, ווי זיי וואָלטן געווען נאַקעטע און מיט וועלכע מ׳האָט זיך געדאַרפט שטאַרק היטן. ער איז געווען נייגעריק צו וויסן, צי זי האָט זיי בכלל געלייענט און אויב זיי געפעלן איר? אָבער דאָס זענען געווען סתם רייד. אים האָט אַצינד געצויגן צו ריידן וועגן עפּעס אַזאַ ווייטיק, וואָס ער האָט נאָך ביז איצט נישט געפילט און פון אים געליטן. אָבער געקומען דערצו איז ער נישט, ווייל ווי נאָר סאָניע איז אַריינגעקומען אין וואַלד אַריין האָט זי זיך אין גאַנצן פאַרענדערט. ס׳איז נישט מער געווען די שטילע חסידיש־גבירישע טאָכטער, וואָס באַהאַלט די אויגן פאַר אַ פרעמדן — איר נשמה האָט אויפגעוואַכט און זי האָט גענומען זינגען, און ער האָט אַזוי ליב געהאַט איר געזאַנג...

אורקע האָט געוואָלט עפּעס זאָגן. ער האָט געגאַפט זעענדיק, ווי זי איז אין גאַנצן אַ פאַרענדערטע. ער האָט אין גערדאַנק געזוכט פאַר דעם אַ פּאַסיק וואָרט, אָבער ער האָט עס נישט געקענט געפינען.

איר האָט זיך געוואָלט אַ שפּאַס טאָן מיטן בחור.

— כ׳וועל זיך וועטן מיט דיר — האָט זי אַ זאָג געטאָן — אַז אויב דו וועסט נישט פועלן ביי מיין טאַטן, איך זאָל ווערן דיין כלה, וועסטו מיך פאַרגעסן...

אורקע איז דערציטערט געוואָרן פון אירע רייד. ער האָט זיך אויפ־געשטעלט, גענומען איר הענטל צווישן זיינע פעסטע הענט און מיט אַ ציטער געזאָגט:

איך שווער דיר, אויב כ׳וועל נישט ווערן דיין חתן, דיין מאַן, וועל איך פאַרבלייבן אַן אַלטער בחור!

— אַזוי גאָר? — האָט זי אַ לאַך געטאָן און איר האַרץ איז געוואָרן פול מיט זיכערקייט פון זיין ליבע צו איר.

פון בוג האָט אַ ווינט אַ ווייע געטאָן און געקילט איר צעפלאַמט פּנים. סאָניע האָט געוואָלט אַהיימגיין. זי איז אַריבערגעגאַנגען איבער דער בריק און ס׳האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז דאָס וואַסער, וואָס פליסט אונטן, איז איצט קלאָרער און רויטלעכער, ווי ס׳וואָלט אונטער דער בריק געלעגן אַ גליענדיקע זון, וואָס דערוואַרעמט זי און צעפלאַמט איר פּנים. זי האָט זיך געוואָלט אָפּשטעלן און אַ קוק טאָן אונטער דער בריק־אַרונטער, ווי עס

יאָגן זיך פאַליע נאָך פאַליע. די שפּיל איז איר געפעלן געוואָרן און ס׳האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז אויך אַזוי וואָלט זי זיך לאַנג, זייער לאַנג געקענט שפּילן מיט אורקען, ווען זי האָט נישט מורא פאַרן טאַטן...

*

ווען סאָניע איז צוריקגעקומען, האָט אין שטוב געהערשט אַ שטילקייט. ס׳איז שוין געווען אָנגעצונדן ליכט און זי האָט פאַרשפּעטיקט דעם טאַטנס הבדלה.

נאָך דער הבדלה האָט ר׳ חיים זיידלער זיך אָוועקגעזעצט ביים טיש, אַרויפגעדרייט די קנויט פון דער בליצלאָמפּ, אַרויסגענומען פון דער קאָמאָדע דאָס גרויסע געשעפטבוך און גענומען בלעטערן צווישן די אָנגעשריבענע שורהלעך מיט ציפערן און רש״י־כתב. דאָס בוך איז געווען ר׳ חיימס פאַרמעגן. דאָ איז געווען פאַרשריבן וויפל קלעצער מ׳האָט געבראַכט פון וואַלד, פאַר וויפל טעג אַרבעט עס קומט די וואַלד־העקער, די זעגער און די אַרבעטער פון טאַרטאַק, ווער ס׳האָט שוין פאָרויס גענומען אויף אַ טרונק בראָנפן, און וויפל חובות ס׳קומט אָפּצונעמען. עפּעס איז אים הײנטיקע וואָך דאָס בוך נישט געפעלן געוואָרן. ווען רבקה, זיין ווייב איז אַריינגעקומען, האָט ער צו מאָל דעם קאָפּ נישט אויפגעהויבן, נאָר פון אונטער די ברילן־אָפּער זי אויפגענומען מיט אַ פינצטערן בליק.

— וואָס איז וועגן דעם, וואָס מ׳האָט געשמועסט? — האָט ער זיך אָפּגערופן.

— כ׳האָב איר געזאָגט, נאָר סאָניטשקע האָט געמאַכט אַזאַ זויערע מינע, ווי די גאַל וואָלט איר איבערגעגאַנגען.

— און מיר פּלאַצט נישט די גאַל? — האָט ר׳ חיים זיך אַ בייזער געטאָן — נאָר חובות און חובות און מ׳קאָן נישט אַרויסקריגן אַ קנאַקעדיקן הונדערטער.

רבקה איז געווען צוגעוווינט צו איר מאַנס געבייזער. זי האָט אים געלאָזט ווייטער ריידן און זיך נישט אָנגערופן.

— רבקה, ביסט גרייט אויפצונעמען די מחותנים? — האָט ר׳ חיים פּלוצעם אַ פרעג געטאָן.

— ס׳איז אַלץ צוגעגרייט, און אַז זיי וועלן בלייבן שבת, וועט מען שטעלן אַ טאָפּלט טשאָלנט.

— און מיט סאָניטשקען ביסטו שוין אַדורכגעקומען? — האָט זיידלער אַראָפּגענומען די ברילן פון דער נאָז.

— וואָס קאָן איר דאָ נישט געפעלן ווערן? דעם בחור האָסטו דאָך געלאָזט פאַרהערן. אויפן יחוס פון בראָקער מחותן דאַרף מען נישט נאָכפרעגן — איז, אַז די מחותנים וועלן קומען, וועט מען סאָניטשקען אָפּגעבן מזל־טוב!

— און דערווייל — האָט ר׳ חיים זיך בייז אָנגערופן — דערווייל האָב איך גאָר געהערט, אַז אונדזער טאָכטער האָט זיך אַריינגעפּלאָנטערט אין אַן עסק...

— וואָס פאַרא עסק? — האָט ר׳ חיימס ווייב אַ געשריי געטאָן מיט שרעק.

— מען שמועסט — האָט זיידלער געציילט יעדעס וואָרט — אַז סאָניטשקע האָט צו טאָן מיט די „אחדות־ייִנגען”, וואָס ווילן אַראָפּזעצן דעם צאַר.

— נו, צו דעם ביסטו דאָך אַ טאַטע — האָט רבקה פרייער אָפּגעאָטעמט. אַ שטיין איז איר אַראָפּ פון האַרץ. זי האָט זיך אויף אַן אמת געהאַט דערשראָקן, געמיינט „ווער ווייס וואָס”...

— רוף מיר אַריין די טאָכטער! — האָט זיידלער באַפוילן.

ווען סאָניע האָט זיך אַוועקגעשטעלט קעגן איבער דעם פאָטער, האָט זי גלייך דערפילט, אַז עפּעס איז מען דערגאַנגען. דעם טאַטנס אויגן האָבן געפינקלט מיט בייזקייט. אַ מינוט איז ער געווען שטיל, בלויז זי אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט וועלן אָפּשאַצן איר ווערט.

— טאָכטער! — האָט דער נגיד אויסגעשריגן — זאָלסט מער מיט דעם געגריזוועטן שוסטערס יונג זיך נישט באַגעגענען! הערסט?

*

די גאַנצע צייט, וואָס כ׳האָב געלייענט דעם העפט איז ער געזעסן שטיל, אָבער מיך האָבן אַדורכגענומען זיינע אויגן און כ׳האָב מער נישט געקאָנט לייענען.

— ווייזט איר יעדן דעם העפט מיט אייער לעבנס־געשיכטע?

— ניין!

— טאָ פאַר וואָס האָט איר גראָד מיר אים געגעבן צו לייענען?

— ווייל... ווייל ווען כ'האָב דיך געזען פון ווייטנס, האָב איך געמיינט, אַט איז זי, אַט גייט סאָניטשקע!

— אָבער איך פאַרשטיי נישט, וואָס טוט איר אויף דער אייזערנער באַנק?

אַ מינוט איז ער שטיל געבליבן. ער האָט נישט געקוקט אויף מיר, און ס'האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין:

— ווי נאָר דער פרילינג קומט, זיץ איך דאָ און וואַרט אויף איר. מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז זי וועט דאָ אַהערקומען. זי קאָן קומען יעדע מינוט! און אַז איך זיץ דאָ אַליין און קיינער שטערט מיר נישט, באַווייזט זיך צו מיר סאָניטשקע. איך גלעט איר שיין קעפל, וואָס איז באַדעקט מיט פרישן טוי; איך שפּיגל זיך אין אירע לאַנג־געשניטענע קאַרשן־אויגן. איך פיל, אַז כ'ווער יינגער, שענער, מיין פּנים זעט גאָר אַנדערש אויס. ס'איז נישט דאָס, וואָס דו זעסט אַצינד...

איך האָב אים געוואָלט אָפּגעבן דעם העפט, אָבער ער האָט נישט אויס־געשטרעקט די האַנט אים צו נעמען.

— האַלט אים, האַלט — האָט ער געזאָגט — דאָס איז אַ געשיכטע פון אַ מענטשלעך לעבן.

ער האָט שנעל זיך אויפגעהויבן און מיך שאַרף אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט מיט דעם מיך געזעגנט און ער איז אַוועקגעגאַנגען אין וואַלד.

און איך בין געבליבן זיצן אויף דער אייזערנער באַנק מיטן העפט אין דער האַנט...

# אַ רויטאַרמייער

אין יענעם טאָג איז אָנגעקומען די נייעס, אַז די רויטע אַרמיי האָט גענומען אָדעס. די קליינע קאָמפּאַניע, וואָס האָט פאַרבראַכט אין מיין הויז, איז געווען אויסערגעוויינלעך גוט געשטימט. ענדלעך האָט איינע פון די געסט, אַ קליינינקע פרוי מיט אַ ליבן פּנים און אַ ביסל אַ פאַרריסן נעזל, פאַרגעשלאָגן עפּעס צו דערציילן וועגן אַ רויטאַרמייער. אין אַ ווײַלע אַרום זענען מיר אַלע געזעסן שטיל אַרום דעם טיש און זי האָט אָנגעהויבן:

— געשעען איז דאָס אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. ס׳איז געווען אַ הייסער זומערטאָג. די לופט איז געווען שטיקנדיק, אָנגעפילט מיט ריחות פון כלאָראָפאָרם, סמאָלע און בלוט. דער הימל איז געווען פאַרכמורעט, פון צייט צו צייט האָבן זיך געהערט דונער־קנאַלן און ס׳האָט אויסגעזען ווי עס דערנענטערט זיך אַ שטורעם.

שוין באַלד צוויי וואָכן, ווי די נעכט זענען אַריבער רויִקע, כאָטש אין די אויערן האָט נאָך געזשומעט דער עכאָ פון דער קאַנאָנען־שיסעריי. די באַפעלקערונג פון שטעטל, וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון די באָלשעוויקעס, אָן אויסגעמאַטערטע פון די שווערע איבערלעבענישן, האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך און גענומען גלייבן, אַז די ישועה איז שוין געקומען.

מ׳האָט פרייער אָפּגעאָטעמט: נישטאָ מער קיין פּאָגראָמען. אמת, ס׳קומען פאָר אָפּטע אַרעסטן. די באָלשעוויקעס פאַרהאַלטן מענטשן פאַר פאַרקויפן שפּייז, פאַר אַ חשד פון אַנטיבאָלשעוויזם און דער עיקר — פאַר האָבן געווען אַ בעל־הבית, אַן עקספּלואַטאַטאָר.

געלט האָט זיך געוואַלגערט אין די גאַסן. נישט, חלילה, גאָלד, זילבער, אָדער קופּערנע מטבעות, נאָר פּאַפּירענע אַסיגנאַציעס, וועלכע מ׳האָט געריסן פון גרויסע ראָלן, ווי מ׳רייסט „אשר יצר״־פּאַפּיר...

דער האַנדל האָט זיך געוואַלדיק פאַרגרעסערט. די רויטאַרמייער זענען געווען „קוני הכל״ — זיי האָבן אַלץ געקויפט: אָנהייבנדיק פון ווינטער־

דיקע פּעלצלעך, שטיוול, ביז — ווייבערישע וועש, קעמלעך מיט גלאַנצנדיקע שטיינדלעך און סטענגעס. און געדונגען האָבן זיי זיך אויך נישט. יידן זענען געוואָרן „וואַלוטניקעס״. וואָס איז דער וווּנדער? אַז פאַר דער קלענסטער זילבערנער מטבע האָט מען באַקומען אַ גאַנצן קאָרב פּאַפּירלעך.

מיינער אַ קלענער ברודער, אַ יינגל פון אַ יאָר צוועלף, וואָס איז אַרומגעגאַנגען ליידיק, ווייל סיי די חדרים און סיי די שולן זענען געווען פאַרמאַכט, האָט זיך מתקנא געווען אין די שכנים, וועלכע פאַרקויפן זייערע סחורות פאַר גאַנצע פּעק אַסיגנאַציעס, און ער האָט באַשלאָסן אויך צו האַנדלען. ער האָט זיך איינגעשאַפט אַ שאַכטל פּאַפּיראָסן און זיך אַרויסגע־לאָזט אין גאַס דאָס צו פאַרקויפן.

אַ זעלנער פון אַ העכערן ראַנג, באַמערקנדיק, אַז אַ קליין יינגל האַנדלט, האָט ער אים פאַרהאַלטן און גענומען פירן צום הויז, און דאָס האָט געמיינט דעם אַרעסט פון מיין מוטער. מיין ברודערל, נישט באַגרייפנדיק די געפאַר, האָט דעם זעלנער אַריינגעפירט אין שטוב און אָנגעוויזן אויף דער מאַמען. דער זעלנער האָט זי געוואָלט נעמען צום קאָמענדאַנט. די מאַמע האָט זיך באַמיט צו איבערצייגן דעם זעלנער, אַז זי איז אומשולדיק. זי האָט זיך באַנוצט מיט אַלערליי מיטלען אָפּצוהאַלטן דעם זעלנער פון אַרעסטירן זי.

איך בין דאַן אַלט געווען זיבעצן יאָר און האָב צו יענער צייט, ביי די באָלשעוויקעס פאַרנומען אַ פּאָסטן אין מאַגיסטראַט. איך ווייס נישט צי איך האָב געבראַכט אַ סך נוצן מיט מיין אַרבעט. דאָס ביסעלע בילדונג, וואָס כ'האָב פאַרמאָגט, איז גראָד געווען אין דייטש און אין פּויליש. אין דער צייט פונעם קריג בין איך געגאַנגען אין פּוילישע און דייטשע גימנאַזיעס. אָבער פאַרנעמענדיק אַן ענלעכע שטעלע אין מאַגיסטראַט ביי דער פּוילישער רעגירונג, בין איך פון די באָלשעוויקעס אויפגעפאָדערט געוואָרן צו טאָן ביי זיי די זעלבע אַרבעט.

אין יענער שעה, ווען דער זעלנער האָט געוואָלט אַרעסטירן מיין מוטער, איז פּלוצעם געקומען אַ באַפעל, אַז די באָלשעוויקעס מוזן אָפּטרעטן. די ידיעה איז געקומען אַזוי אומדערוואַרט, אַז אַפילו די געהיימע ביכער און דאָקומענטן זענען פאַרבליבן. ס'זענען אויך איבערגעבליבן די געלטער אויס־צוצאָלן די געהאַלטן פון די אָנגעשטעלטע.

דערוויסנדיק זיך, אַז די פּאָליאַקן דערנענטערן זיך ווידער צום שטעטל, און עס דערוואַרטן אונדז שווערע שלאַכטן, איז מיך באַפאַלן אַ גרויסער פּחד און כ׳בין געלאָפן אַהיים, כדי צו זיין מיט מיין פאַמיליע.

געוווינט האָבן מיר הינטערן שטעטל אין אַ קליין, באַשיידן הילצערן הייזל, מיט עטלעכע קריסטלעכע שכנים. אונדזער געסל האָט נאָך אויסגעזען רויִק, שטיל, דאָס גערטנדל — צעבליט, די אַקאַציע־ביימער האָבן געשמעקט און דערקוויקט מיט זייערע ריחות, בעת אין שטעטל האָבן זיך שוין געזען בילדער פון זאָרג און שרעק. פרויען מיט קיישלעך עסנוואַרג און קליינע קינדער אויף די הענט זענען געלאָפן זיך אויסבאַהאַלטן; קראַנקע האָבן זיך מיט די לעצטע כוחות געשלעפּט; אַנדערע האָבן זיך באַטראַכט און געיִשובֿט, צי זאָלן זיי בלייבן אָדער לויפן ווייטער.

איך בין אַריינגעקומען אין הויז מיט רעש און שרעק. אָבער מיין מוטער האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט מיר, און געזאָגט צום זעלנער:

— זעסט, דאָס איז מיין טאָכטער!

אין איר גרויסער פאַרצווייפלונג האָט זי זיך דאָך אַ ביסל באַרויִקט און געוואָלט באַווייזן, אַז זי איז ווייט פון זיין אַ פאַררעטערין, אַ סימן — אַז איר טאָכטער אַרבעט אויף אַ פאַראַנטוואָרטלעכער שטעלע ביי דער רעגירונג.

דער רויטאַרמייער האָט גלייך געווענדעט צו מיר זיין גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט. איך האָב אים דערציילט, ווו איך אַרבעט און ער האָט זיך געוווּנדערט, ווי קום איך צו דערלאָזן, אַז מיין קליין ברודערל זאָל זיך פאַרנעמען מיט האַנדל.

מיין דערקלערונג, אַז ער קאָן מיך נישט האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די מעשים פון אַ קליין יינגל און אַז איך האָב אַפילו גאָרנישט געוווּסט, וואָס ער טוט — האָט אים באַרויִקט. אָבער איך האָב אים געמוזט מודיע זיין, אַז ער זאָל זיך ערגעץ אויסבאַהאַלטן, ווייל דער קאָמענדאַנט אַליין האָט שוין פאַרלאָזן די שטאָט און די פּאָליאַקן קומען אָן. דער רויטאַרמייער האָט מיר געגעבן די האַנט און איז אַרויסגעלאָפן פון הויז.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט אָט וואָס פאַסירט:

אַ כוליגאַן האָט זיך אַריינגעריסן אין מיין צימער, ווו כ׳בין געווען אַליין און מיך געוואָלט פאַרגוואַלדיקן. איך האָב אויסגענוצט אַלע מיטלען אים

אָפּצוהאַלטן — און ענדלעך, נאָך פיל אַרגומענטן איז ער באַשטאַנען, אַז איך קאָן זיך אויסקויפן מיט שענקען אים מיט גוטן מיין ליבע.

ער האָט געטענהט, אַז ער קאָן מיך נעמען מיט געוואַלט, אָבער דאָס וויל ער נישט טאָן, כאָטש איך בין אַ פאַרשאָלטענע זשידוווקע.

איך געדענק נישט, ווי לאַנג איך האָב זיך מיט אים געדונגען. איך געדענק נאָר דעם אויסגעשריי פונעם כוליגאַן:

— דו גיסט מיר נאָך, אָדער איך הרגע דיך ווי אַ הונט!

און דאָ האָט זיך פלוצעם דערהערט אַ קנאַל מיט אַזאַ קראַפט, אַז כ׳בין געפאַלן צו דער ערד. שויבן האָבן זיך צעבראָכן, דאָס געשיר איז געפאַלן פון די ווענט, אַ שטול איז אומגעפאַלן. דער כוליגאַן איז אַרויס־געלאָפן אין דרויסן.

מיין מוטער דערהערנדיק דעם קלאַפּ, איז אַרויסגעלאָפן פון צווייטן הויז צוזאַמען מיט די קריסטלעכע שכנים. זי האָט אָנגעהויבן שטאַרק צו שרייען. זי האָט געמיינט, אַז מ׳האָט מיך דערשאָסן.

איך האָב נישט געקאָנט צוזאַמענעמען מיינע געדאַנקען. כ׳האָב נישט געוווסט, צי איך לעב, צי נישט. ווען כ׳בין געקומען צוריק צום באַוווסטזיין, האָב איך זיך געזען ליגן ביי די קריסטן אין הויף, אויף אַ הוילער פּאָדלאָגע, צוזאַמענגעדריקט אין אַ ווינקל מיט מיין מוטער און מיין ברודערל. אין צווייטן ווינקל איז געשטאַנען אויף די קני די קריסטלעכע פאַמיליע אַרום אַ הייליקער סטאַטוע, איבער וועלכער ס׳האָט געברענט אַ רויט לעמפּל.

אין דרויסן האָט געגאָסן אַ שלאַקסרעגן, באַגלייט מיט דונערן און בליצן. דאָס קראַכן פון די דונערן האָט זיך אויסגעמישט מיטן קנאַלן פון קאַנאָנען און ביקסן. די פייערן האָבן אַרומגערינגלט די שטאָט. דורך די שפּאַרעס פון די פאַרמאַכטע לאָדנס האָט מען געקאָנט זען ווי דער הימל איז רויט פון די פלאַמען.

די קאַמפן האָבן געדויערט אַ פּאָר שעה, ביז אַ קלאַפּ אין לאָדן און געשרייען האָבן זיך פלוצעם דערהערט:

— די באָלשעוויקעס זענען דאָ צוריק!

באַלד איז געוואָרן אַ געלויף און אַ געפילדער. פריינד האָבן זיך אויפגע־זוכט, פאַמיליעס — פאַראייניקט. מען איז געלאָפן מיט עמערס וואַסער צו לעשן די ברענעדיקע הייזער.

לויפנדיק מיט אַן עמער וואַסער אין האַנט, צוזאַמען מיט אונדזער שכנטעס זונדל, האָב איך פלוצעם דערזען צוויי קערפּערס אויף דער ערד. איינער איז געווען פון דעם כוליגאַן, וואָס האָט מיך געוואָלט פאַרגוואַלדיקן, און דער צווייטער — פון דעם רויטאַרמייער, וואָס האָט געוואָלט אַרעסטירן מיין מוטער. דער כוליגאַן איז שוין געווען טויט און דער רויטאַרמייער האָט נאָך געלעבט.

— גאָלובושקאַ, גאָלובושקאַ * — האָט ער קוים אַרויסגעשעפּטשעט און געקוקט אויף מיר מיט אויגן, וועלכע האָבן שוין פאַרלאָרן זייער בלויען שיין און זענען געוואָרן מוטנע — יאַ אומיראַיו **.

אַ מינוט איז ער געוואָרן שטיל, און דערנאָך, מיט אָפּגעריסענע ווער־טער, האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט אַלץ געזען, וואָס דער כוליגאַן האָט געוואָלט טאָן מיט מיר און אַז ער האָט אים דערפאַר דערשאָסן. אַ ווײַלע אַרום האָט אַ באָמבע אויפגעריסן נעבן אים, און איצט בעט ער מיך, כ׳זאָל נעמען זיין רעוואָלווער און אים דערשיסן, כדי ער זאָל זיך נישט מאַטערן; ער שטאַרבט סיי ווי.

איך האָב געוויינט און זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פונעם שטאַרבנדיקן רויטאַרמייער. איך האָב אים געדאַנקט און געוואָלט קושן זיינע הענט. איך בין געווען ווי אַ וואַנזיניקע און איך האָב נישט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר.

דער רויטאַרמייער האָט אַ ציטער געטאָן און אויסגעהויכט זיין נשמה.

*

די קליינינקע פרוי איז אַנטשוויגן געוואָרן און זיך פאַרטראַכט, ווי זי וואָלט דאָס שוין אַזוי לאַנג אַדורכגעלעבט, איצט ווידער שאַרף געזען פאַר אירע אויגן.

* טייבעלע.
** איך שטאַרב.

## דער וואַלד דערציילט

דאָס קלײנע שטעטל איז אײנגעטונקט אין יחוס. פון אײן זײט ליגט דער טײך בוג, װעלכער שטאָלצירט דערמיט, װאָס ער באַהעפט זיך מיט דער װײסל, און פון דער צװײטער זײט איז פאַראַן דער אַלטער נאָדלװאַלד, מיט די זאַמדיקע בערג, װאָס גרײסט זיך מיט הײלן קראַנקע לונגען. ער האָט ליב צו רױשן, רײדן און דערצײלן — דער אַלטיטשקער װאַלד; ער דערצײלט װוּנדערלעכע מעשיות פון אױפשטאַנדן אין כמעל־ניצקיס צײטן, פון באַנדיטן, װעלכע פלעגן אין דעם געדיכטן װאַלד זײערע קרבנות פאַרפירן, פון חלומות, װאָס פרומע חסידישע יונגעלײט פלעגן צװישן זײנע בײמער חלומען, פון שטיפערײען צװישן פױלישע ייִנגלעך און מײדלעך און פון יונגע ליבעס און ערשטע קושן; אױך פון טרערן און פון צעבראָכענע הערצער.

אײן זאַך קען דער אַלטער װאַלד נישט באַגרײפן: פאַר װאָס פעלקער שלאָגן זיך איבער אים? פון דור דורות, פון ערשטן שטאַם זײנעם, האָט מען געהאַלטן אין אײן שלאָגן זיך איבער אים. ער איז אַריבער פון די פאָליאַקן צו די רוסן, פון די רוסן צו די דײטשן, פון די דײטשן צו די רוסן. איצט איז ער װידער אין פױלישע הענט.

אָבער הײנט רױשט דער אַלטער װאַלד באַזונדערס בײז. נישט נאָר די בײמער אין װאַלד זענען הפקר, אױך מענטשן פאַלן װי בײמער... בלוט! בלוט! די ערד איז אָנגעזאָפּט מיט בלוט. מאַכט איז שטאַרקער פון יושר. גרױסע שלאַכטן פלאַקערן אַרום אים, און די קינדער פון דעם אױסדערװײלטן ייִדישן פאָלק זענען אַלע מאָל די שולדיקע און פאַררעטער.

דער װאַלד רױשט, און װער עס פאַרשטײט זײן שפּראַך, װײסט װאָס ער זאָגט:

— די װילהעלם־דײטשן האָבן בײם פאַרנעמען מיך און דאָס שטעטל אױך די פאָליאַקן נישט געשאַנעװעט. אַזױ גוט װי זײ האָבן אױף ייִדן

געשריגן „פאַרפלוכטער יודע", האָבן זיי די פּאָליאַקן נישט אַנדערש גערופן ווי „פּאָלנישע שווייגען". און דו, רחלע, וואָס איך קען דיך פון דיינע אָפּטע באַזוכן — און איך ווייס, אַז דו ביסט אַן אַמביציעזע און דו באַליידיקסט זיך פון אַ ליאַדע וואָרט דאַרפסט דיר צום האַרצן נישט נעמען, אַז דו הערסט אַ קיסר־ווילהעלם דייטש אַ בורטשע טאָן „פּאַרפלוכטער יודע"...

רחלע האָט זיך דערפילט אַ ביסל שטאָלצער: נישט בלויז די ייִדן אַליין ווערן געהאַסט. איצט קענן זי קוקן רויִק אין פּנים אַריין דעם פּוילישן שכן, דעם יונגען־מאַן, מיט וועלכן זי איז צוזאַמען געגאַנגען אין גימנאַזיע. דער דאָ־זיקער שכן האָט איר אַ מאָל אַרויסגעוויזן אַ סך אויפמערקזאַמקייט, אָבער ווען די ייִדן — אין זיינע אויגן האָט עס אויסגעזען — זענען אַ ביסל אויסגעגלייכט געוואָרן, אָדער בעסער געזאָגט — די קריסטן זענען דער־נידריקט געוואָרן, האָט ער רחלען אָנגעהויבן אויסמיידן. ער האָט נישט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז זיי זענען גלייכע צום ליידן פונעם דייטש. עס האָט אים אויך, פאַרדראָסן, וואָס רחלע האָט זיך געקענט פאַר־שטענדיקן מיטן אָקופּאַנט, און ער מיט זיין שפּראַך איז געבליבן שטום.

אין יענער צייט האָט רחלע פאַרנומען אַ רעגירונגס־שטעלע און געטאָן טובות די איינוווינער פון שטעטל: ווען מען מיט אַ שיין אַרויסצופאָרן, ווען מיט אַן עקסטרע ברויטקאַרטע. אָבער רחלע איז געבליבן דאָס זעלבע פּשוטע מיידל ווי פריִער. איר שכן האָט ממש נישט פאַרשטאַנען איר גוטסקייט, איר באַשיידנקייט. ער האָט געביסן די ליפּן פון אייפערזוכט, וואָס זיי ביידע באַזיצן די זעלבע מאָס בילדונג, און איר, אַ ייִדישע, האָבן די דייטשן דער־הויבן צו אַזאַ אַמט.

צייטן האָבן זיך געביטן. מדינה־פּענער האָבן זיך אויסגעטוישט און דער פּוילישער יונגער־מאַן איז דערהויבן געוואָרן. פּוילן איז געוואָרן פריי — אַ פרייד, אַ גדולה, מען קושט זיך אין די גאַסן, קירכן־גלאָקן קלינגען, ווייִן גיסט זיך ווי וואַסער, און צוזאַמען מיטן ווייַן רינט אין די פּוילישע טייכן ייִדיש בלוט. די אויסרופן: „ביטש זשידאָוו" מישן זיך מיטן פּוילישן הימן „באָשאַ פּאָלסקאַ".

פּוילישע פּויקן קלאַפּן צום טאַקט פון ייִדישע הערצער. און, יאָ, די ייִדישע הערצער האָבן נישט אָפּגענאַרט, שווערע טעג זענען אָנגעקומען, טעג פון עקסצעסן, רדיפות, ביז שרעקלעכע פּאָגראָמען. רחלע איז דערשלאָגן.

דער פּוילישער שכן פאַררוקט דאָס אָדלער־היטעלע אַן אַ זייט, פאַרשרייבט זיך אַלס פּרייוויליקער אין דער אַרמיי. ער פאַרגעסט גאָר, אַז ערשט נעכטן איז רחלע געווען אַזוי ליב און אַזוי דערהויבן אין זיינע אויגן. ווען עס ווערט פינצטער, און ייִדן באַהאַלטן זיך אין קעלערס, קומט דער שכן צוגיין צו רחלען און רוימט איר איין אַ סוד, אַז ער וועט איר הויז באַוואַכן, און דערביי וואַרפט ער אַריין אַ וויץ, אַז „לובאָוו ניע קאַרטאָשקאַ".

דערווייל דערטראָגן זיך קלאַנגען וועגן פּאָגראָמען אין די שכנישע שטעטלעך און אויך אין רחלס שטעטל הייבן זיך אָן אומרוען. מען ראַבירט, מען ברעכט פענצטער, מען רייסט בערד, אָבער דאָס ערגסטע וועט ערשט קומען — דראָען די פּאָליאַקן. ייִדן לעבן איבער שרעקלעכע טעג, אָבער נאָך ערגער זענען די נעכט. אַ שאָרך פון אַ מייזל, אַ גרילץ פון אַ גריל איז גענוג אַז דאָס האַרץ זאָל קלעמען פון שרעק.

פינצטערע שלאָפלאָזע נעכט זענען דאָס געווען פאַר די ייִדן. וויפל געלעגערס עס זאָלן נישט זיין אין הויז, האָבן אַלע זיך פאַרקליבן אין איין ווינקל, ווי יעדער איינער האָט מיט זיין לייב געוואָלט דעם צווייטן באַשיצן.

פון צייט צו צייט פאַרזיכערט דער שכן רחלען, אַז ער באַשיצט איר, און ווען מען וועט גיין באַפאַלן אירע אייגענע, וועט ער איבער זייער הויז אַרויסהענגען אַ צלם און וועט זי אָפּהיטן פון בייזן. ער פילט, אַז אין איר פליסט פּויליש בלוט און סוף כל סוף וועט זי ווערן זיינע און אָננעמען זיין גלויבן...

אַ דערשעפּטע איז רחלע ענדלעך איינגעשלאָפן. שרעקלעכע חלומות האָבן זי געפּייניקט: עס חלומט זיך איר, אַז זי הערט טריט, זי זעט מעסערס, שפּיזן, בלוט! אויפגעכאַפּט האָט זי זיך פון אַ שטאַרקן קלאַפּ אין לאָדן. אַ צעטומלטע און מיט דער זיכערקייט, אַז דאָס שרעקלעכע איז געקומען, האָט זי געכאַפּט דאָס שאַרפע מעסער און באַשלאָסן, אַז איידער נאָכצוגעבן די פאַרלאַנגען פון די בלוטדורשטיקע חיות, וועט זי בעסער זיך אַליין דערמאָרדן.

דאָס קלאַפּן אין לאָדן פאַרשטאַרקט זיך. די מוטער נעמט צוזאַמען אַרום זיך אירע קליינע קינדער און שרייט „שמע ישראל". אין דעם דערהערט רחלע אַ באַקאַנט קול: „שטייט אויף! איר שלאָפט גאָר? דאָס בין איך, יאַן"!... זאָל זי עפענען? רחל האָט באַקומען אַ ביסל מוט. זי האָט געעפנט די טיר. דער גוטהאַרציקער שכן באַווייזט זיך מיט גאווה און רופט אויס:

„איר האָט פאַרשלאָפן! שוין גרויסער טאָג. דאָס שטעטל איז אויסגעקוילעט, אַפילו דיין אַלטיטשקער זיידע, אָבער דיך האָב איך נישט געלאָזט דערמאָרדן. דו וועסט אונדזערע זיין. איך האָב דיר צוגעזאָגט צו באַשיצן, און איצט קענסטו זען, אַז איך האָב עס טאַקע געמיינט ערנסט".

רחלע איז געפאַלן אין חלשות, און וואָס ווייטער איז געשען, האָט זי נישט געדענקט. זי האָט זיך אויפגעכאַפּט בעת אַ דאָקטער איז געשטאַנען ביי איר בעט. איר זיידע האָט איר האַנט געהאַלטן און איר מוטער האָט ביטער געוויינט. און דאָס ערשטע וואָס זי האָט געהערט ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז געווען אַ גרויס געלעכטער פון איר שכן:

— כאַ־כאַ־כאַ, דו נאַרישע גאַנדז, וואָס דו ביסט! אַ וואָרט קען דיך אומברענגען. איך האָב זיך געוואָלט אַ שפּיל טאָן, דיר ווייזן ווי איך בין דיר טריי און דו פאַלסט גאָר צו דער ערד... אַך, גאָט, ווי שוואַך איר זענט... ווערטער קענען אייך אומברענגען.

— דו ביסט גערעכט — האָט אים רחלע געענטפערט — און איך דאַנק דיר פאַר דיין מי, אָבער עס לוינט דיר נישט איינצושטעלן דעם קאָפּ פאַר אַ יידישקע. מיר זענען מיד פון דעם לעבן, פאַר וועלכן מען מוז זיך אייביק ראַנגלען. איך דאַנק דיר פאַר דיין ריטערלעכער שוץ. אויב אַלע וועלן שטאַרבן, וויל איך אויך זיין צווישן זיי. מיין לעבן איז נישט טייערער, ווי די לעבנס פון מיינע ברידער און שוועסטער און פון אַלע יידישע פאַמיליעס אין אונדזער שטעטל. און גיי אַרויס פון אונדזער הויז! איך וויל דיך מער נישט זען!

פון דאַן אָן האָט דער שכן אויפגעהערט זיך צו ווייזן פאַר רחלען. אָט אַזוי האָט דערציילט און געוויינט דער אַלטער וואַלד.

## אַ שטעטל ביים בוג

א לאַנגע קייט יידישע שטעטלעך שלענגלט זיך אַרום די ברעגעס פון בוג. הינטערן שטעטל האָט זיך אויסגעספרייט דער טיפער סקיסע־ווער וואַלד. טייל מאָל איז דער וואַלד גרין, ליכטיק גרין, ווי פרישע גראָז, וואָס שפּראָצן אַרויס אויף די לאָנקעס, און טייל מאָל איז ער ברוגזדיק־פאַר־כמאַרעט און ציט זיך אין אַ לאַנגן, שוואַרצן פּאַס הינטערן רוקן פון שטעטל. אַז מען קוקט פון טאָל אַרויף, דאַכט זיך אויס, ווי אַן אַלטער אַריסטאָקראַט האָט זיך אויסגעלייגט אין אַ טיפן פאָטעל און אָנגעשפּאַרט זיך אין הינטער־דעקל אויף די ביימער פון וואַלד.

קינדער פון שטעטל האָבן אָנגעהויבן זייער לעבן מיטן וואַלד. ווען זיי זענען קליין געווען, זענען זיי אין וואַלד געגאַנגען, שוואַרצע און רויטע יאַגדעס געקליבן און פולע קאַנען אַהיימגעבראַכט. שפּעטער, ווען זיי זענען אַ ביסל אונטערגעוואַקסן, זענען זיי אין די פאַרטאָגן, ווען פרישער טוי האָט מיט נאַסקייט די גראָזן באַדעקט, געגאַנגען אין וואַלד „אויף שוואָמען" און גאַנצע קוישן גזשיבעס און קורקעס אָנגעקליבן.

ערשט ווען די יוגנט האָט גענומען שפּראָצן און יונג־לעבן האָט פייער אָנגעצונדן, האָט דער וואַלד גאַנץ אַנדערש אויסגעזען.

ס'האָט געצויגן צום וואַלד, ווייל דאָרטן זענען קיין מענטשלעכע אויגן נישט געווען, נאָר ביימער מיט צווייגן. צענדליקער פאָרלעך האָבן זיך אַרומגעפירט און קיינער האָט זיי נישט געזען. בחורים און מיידלעך האָבן זיך אַרומגענומען און קיין מורא נישט געהאַט פאַר מענטשלעכע טריט.

אויך געהיימע פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען זענען אין דעם וואַלד פאָרגע־קומען און פלענער פון אויפשטאַנד זענען דאָרט פאַרטראַכט געוואָרן. די יוגנטלעכע זענען דאָ זיכערער געווען, ווי אין זייערע אייגענע שטובן.

ישיבה־בחורים האָבן פון הינטער די לאַנגע קאַפּאָטקעס אַפּערגענומען די טריף־פּסולע ביכער און אין וואַלד זיי געקענט רויִק לייענען. וואָס לענ־

גער זיי זענען אין וואַלד געגאַנגען, אַלץ קירצער זענען זייערע קאַפּאָטקאַלעך געוואָרן, און די געקרייזלטע פּאהלעך, וואָס זענען געווען פּאַרלייגט הינטער די אויערן, האָבן זיך אויסגעגלייכט און גלאַט פאַרקעמט געוואָרן.

טייל מאָל אָבער האָט דער וואַלד אַ מורא אָנגעוואָרפן. רויבער האָבן זיך אין אים אויפגעהאַלטן און פון צווישן זיינע געדיכטע ביימער גזלנישע הענט אויסגעצויגן. ייִדישע סוחרים, צוריקפאָרנדיקע פון יאַריד, זענען באַרויבט געוואָרן און דער וואַלד האָט די רויבער אין זיך אויסבאַהאַלטן.

האַרבסצייש האָט דער וואַלד גרויסע טובות געטאָן דעם שטעטל. אַ סך טרוקענע צווייגן און שטיקער האָלץ האָט ער אויפן ווינטער אָנגעגרייט. מענער און ווייבער האָבן געצויגן פון וואַלד מיט בינטן האָלץ. דער גוטער וואַלד האָט קיין מאָל נישט פאַרגעסן אָנצוגרייטן האָלץ פאַר די אָרעמע, און ווען די ערשטע ווינטן האָבן זיך אין אים אַריינגעריסן, האָט ער אָפּגעשאָקלט פון זיך די טרוקענע צווייגן און זיי געלאָזט ליגן הינטער די נאָדלביימער.

דער וואַלד איז אויך געווען אַ רפואה פאַר מענטשן מיט שוואַכע לונגען. דער ריח פון זיינע נאָדלביימער האָט זיי מחיה געווען. זומערצייט פלעגן זיי אָנקומען פון נאָענט און ווייט און גאַנצע טעג אָטעמען מיטן זשיוויצע־ריח, וואָס האָט זיך געטראָגן פון די הויכע סאָסנעס. פאַר זיי זענען די נאָדלביימער געווען ווי קראַנקן־שוועסטער, וואָס וואַכן איבער זיי און שטרעבן זיי געזונט צו מאַכן. די ביימער זענען געווען גאָר אַלטע, באַוואַקסענע מיט גרין־מאָכיקע קאָרע און אַזעלכע ברייטע, אַז מ׳האָט זיי שוין נישט געקאָנט אַרומנעמען מיט ביידע הענט.

פון דרום־זייט איז דער וואַלד אַריינגעוואַקסן ביז די סאַמע ברעגעס פון בוג. דער בוג האָט אָבער קיין מאָל נישט געמאַכט קיין שלום מיטן וואַלד. זיינע זאַמדן זענען זומערצייט געווען אָנגעגליט פון דער זון און זיי האָבן אָפּגעבריט יעדן שפּראָץ, וואָס האָט זיך אין אים אַריינגעריסן. פון דער זייט פון שטעטל האָט אָבער דער בוג פאַרלוירן זיין נאַטירלעכן אויסזען. אַ שטיק ברעג איז געווען אויסגעפלאַסטערט מיט שטיינער, און ווען דער טייך האָט אויסגעגאָסן, איז צווישן די שטיינער אויסגעוואַקסן גרינער מאָך.

ווינטערצייט האָט זיך דער טייך בוג פאַרוואַנדלט אין אַ לאַנגער בריק. ער איז געלעגן אַ פאַרפרוירענער, איינגעהילט מיט אַ הויכער שנייווייסער איבערבעט און געלאָזט איבער זיך פאָרן פון דאָרף צו דאָרף שליטלעך

און וועגענער. אויך פּוסגייער האָבן פאַרקירצט זייער וועג מיט אַ העלפּט, גייענדיק דורכן גלאַטן טייך.

דערפאַר אָבער האָט ער זיך אין פרילינג אויפגעכאַפּט מיט אַ גרויס געבייזער. זיין פאַרפרוירענער רוקן האָט זיך געצומען ברעכן אויף שטיקלעך. וואָס אַ מאָל האָט ער זיך אויפגעהויבן העכער און העכער, ביז זיינע וואַסערן האָבן פאַרפלייצט פעלדער און דערפער, מיטגעריסן שטאַלן מיט לעבעדיקע סטאַדעס און אָפּגערוימט סטערטעס שטרוי און היי פון די פעלדער און ברעמיעס האַלץ אַרום די דאָרפישע הייזקעס.

דאָס וואַסער פון בוג איז געווען זיס און גוט צום טרינקען. וואַסער־טרעגער האָבן געשעפּט פון אים און אָנגעגאָסן פולע טינדלעך וואַסער אין די יידישע שטובן פון שטעטל.

זומערצייט פלעגט מען ביים בוג וואַשן וועש און דאָס קלאַפּן מיט „קליאָנ־קעס" האָט מען געהערט ווי־ווייט.

באָדן זיך אין בוג איז מען געווען געוואוינט פון קינדווייז אָן. אַרום זיינע ברעגן איז נישט געווען קיין יינגל, וואָס האָט נישט געקענט שווימען. טייל מאָל איז דער בוג געווען אַן אַכזר און מיטגעריסן אַ קרבן טיף אין זיינע וואַסערן אַריין. פרומע יידן האָבן אין די ספירה־טעג זיך נישט געבאָדן אין בוג. ערשט ווען דער טייך האָט שוין געהאַט באַקומען זיין קרבן, זענען אַלע געלאָפן שווימען אויף זיינע וואַסערן.

ראש השנה צו תשליך האָט זיך דאָס גאַנצע שטעטל איבערגעבעטן מיטן בוג, פאַר אַלע זיינע קונדייסישע שטיק, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. סוף־סוף קומט ער אויך צו ניץ. פרומע יידן האָבן איבערגעדרייט די קעשענעס און אַרויסגעשאָקלט ביזן לעצטן ברעזעלע, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען. דער בוג האָט גוטמוטיק צוגענומען אַלע אַרויסגעשאָקלטע עבירות און זיי אַוועק־געטראָגן מיטן שטראָם ווייט, ווייט פון שטעטל...

הינטערן שטעטל זענען געווען אַריבערגעוואָרפן איבערן טייך צוויי בריקן: די הילצערנע בריק און די אייזערנע בריק. די הילצערנע בריק האָט פאַרבונדן דאָס שטעטל מיטן סאָסנאָוון וואַלד פון צווייטן ברעג בוג. די בריק איז געווען אַ ברייטע, אויסגעלייגט מיט גראָבע דעמבענע ברעטער. שטענדיק איז זי געווען באַלעבט מיט דורכגייער, וואָס זענען געגאַנגען אַהין און צוריק אין שטעטל אַריין. טייל מאָל האָט מען אויף דער בריק אויך געזען

אַ פּאָר חסידישע בחורים. ס׳האָט געהייסן, אַז זיי גייען זיך באָדן, אָבער זייערע אויגן האָבן געצויגן צום וואַלד. דאָרט, האָבן זיי געוווסט, שמעקט מיט „אהבה״ און מ׳קאָן באַגעגענען אַ שיין מיידל, פּאָר וועלכער מ׳זאָל גרייט זיין אַלץ צו טאָן, ווי יעקב פּאַר רחלען, און אַפילו אַזוי לייכט אַראָפּנעמען דאָס לאַנגע קאַפּאָטקאַלע, ווי יעקב האָט אַראָפּגענומען דעם שווערן שטיין פונעם ברונעם...

די אייזערנע בריק איז געלעגן ווייט פונעם וועג. בלויז עטלעכע צוגן זענען איבערן טאָג דורך איר דורכגעלאָפן. אויף דער אייזערנער בריק האָט מען נישט געהערט דאָס פּויקן פון טריט, אַזוי ווי אויף דער הילצערנער. אַלץ איז דאָ שטיל געווען. קיין געפּאַר איבער איר צו גיין איז אויך נישט געווען, ווייל ווי נאָר אַ צוג האָט זיך דערנענטערט, האָט די בריק אָפּגעגרילצט מיט אַ ציטערן. טייל מאָל, אין די שאָטנדיקע פאַרנאַכטן, האָבן זיך דורך איר אַדורכגעשלייכט יונגע פּאָרלעך, וואָס האָבן געמוזט אָפּהיטן דעם סוד פון זייער ליבע.

*

אַ שטיק לעבן פון שטעטל איז פאָרגעקומען אַרום דעם וואָקזאַל. דער וועג פון וואָקזאַל האָט זיך אַדורכגעשניטן דורך אַ לאַנגן גאָרטן, מיט צוויי וועגן צום אַריינפאָר און אַרויספאָר. איןביידע זייטן וועג זענען געשטאַנען גרינגעפאַרבטע בענק, וואָס האָבן געוואַרט, אַז אַ מידער דורכגייער זאָל זיך אויף זיי אָפּרוען. דער וואָקזאַל גופא איז געלעגן אויף אַ גרויסן פּלאַטפּאָרם, אַרומגערינגלט מיט רעלסן־וועגן, אויף וועלכע עס זענען סאַפּענדיק אָנגעלאָפן לאַנגע צוגן. פון איין צוג צום צווייטן איז דער וואָקזאַל געשטאַנען ווי אַ טויבשטומער, ווי ער וואָלט גאָרנישט געהערט דעם טומל, וואָס עס טוט זיך ביי אים אינעווייניק. ערשט ווען ס׳איז אָנגעלאָפן אַ צוג, האָט ער דערוואַכט פון טיפן דרימל. ס׳האָבן געציטערט זיינע ווענט, די פאַרשטויבטע שויבן פון די לאַנגע פענצטער, און ער האָט אייליק אַרויסגעוואָרפן פון זיך אַ געזעמל מענטשן, וואָס האָבן זיך געשטופּט צו די אָפענע טירן פון די וואַגאָנעס.

ביי נאַכט האָט דער וואָקזאַל נאָך שענער אויסגעזען. די פייערדיקע אויגן פון פאָרנדיקע לאָקאָמאָטיוון האָבן אים העל באַלויכטן, געמאַכט אים

גרעסער און אַנזעעוודיקער אין דער נאַכטיקער פינצטערניש, וואָס האָט אַלץ אַרום אים איינגעהילט.

אין וואָקזאַל זענען געשטאַנען צעשטעלט הילצערנע בענק, אויף וועלכע עס האָבן זיך געוואַלגערט פּאַסאַזשירן מיט זייערע פּעקלעך און וואַליזעס. ביי דער וואַנט איז געשטאַנען אַ בופעט, ווו ס׳האָט געזידט אַ גרויסער סאַמאָוואַר. אין צימער פון צווייטן קלאַס האָבן זיך גרויסהאַלטעריש פּאַרקליבן פּריצים, אָפיצירן און באַאַמטע. אין דער לופט האָט זיך געטראָגן אַ ריח פון בראַנפן און וואַרעמען קאַלבאַס.

פון וואָקזאַל אין שטאָט אַריין איז געווען נאָענט און מען פלעגט טאַקע גיין צו פוס, דאָך זענען געווען בעלי־עגלות מיט דראָזשקעס און ברישקעס, וואָס האָבן געצויגן זייער חיונה פון פירן פּאַסאַזשירן פון און צו דער באַן. צווישן די בעלי־עגלות פלעגן אויסברעכן קריגערייען און געשלעגן צוליב אַ פּאַסאַזשיר, וואָס איינער האָט געפּרוווט אויסכאַפּן ביים אַנדערן.

ווינטער איז דער וואָקזאַל פאַרשיט געווען מיט טיפע שנייען. בלויז אַ שמאָל וועגל איז צו אים געווען אַדורכגעשניטן. אינעווייניק איז געווען קאַלט און נאַס פון אַנגעטראָגענעם שניי. מיט אַ קלינגערייי זענען צום וואָקזאַל־פּלאַץ אָנגעלאָפן שליטלעך, אויסגעבעטע מיט היי און גראָבע צודעק־טיכער פאַר די אָנגעפּעלצטע פּאַסאַזשירן. ווי נאָר די שליטלעך זענען ליידיק געוואָרן, זענען די פערדלעך געבליבן שטיין. די פעל האָט אויף זיי גע־ציטערט, אַרום זייערע נאָזלעכער איז אָנגעוואַקסן ווייסער פראָסט, איין פוס האָבן די פערדלעך געהאַלטן אַ ביסל אויפגעהויבן, אויף דער שפּיץ פּאָדקאָווע, די אויערן זענען געווען אָנגעשפּיזט, און ווי נאָר זיי האָבן דערהערט דעם „וויאָ״, זענען זיי מיט אַ קלינגעריי פלינק אַוועקגעלאָפן פון פאַרשנייטן וואָקזאַל.

זלמן מעקלער, אַ יונגער־מאַן, וואָס איז ערשט אַראָפּ פון שווערס קעסט, האָט סיי ווינטער און סיי זומער נישט פאַרלאָזט דעם וואָקזאַל. פון אים האָט ער געצויגן זיין גאַנצע פּרנסה. ער האָט אָפּגעוואַרט פרעמדע סוחרים, וואָס זענען ווינטער געקומען אָפּקויפן פעלעכלעך פון האָזן און טכוירן. זומער פלעגט ער פירן אויף סטאַנציע מענטשן, וואָס זענען געקומען זיך היילן די לונגען אין וואַלד. שטענדיק זענען די קעשנעעס געווען ביי אים אָנגעשטאָפּט

מיט קלייניקייטן, וואָס אַ פּאַסאַזשיר קאָן דאַרפֿן — פֿון אַ פּעקל שוועבעלעך ביז אַ צעטל פֿון „רבינס לאָטעריע".

שבת איז דער גרויסער פּלאַץ אַרום דעם וואָקזאַל געוועזן ליידיק. מ'האָט נישט געזען קיין ברישקעס און דאָראָזשקעס. די פֿערדלעך זענען געשטאַנען אין די שטעלער און זיך אָפּגערוט פֿון אַ גאַנצער וואָך אַרבעט. דער וואָקזאַל האָט אויסגעזען אַ מידער און שלעפֿעדיקער. קיין בעל־עגלהס פֿוס איז צו אים נישט צוגעגאַנגען און קיינער האָט זיך אַרום אים נישט געדרייט. דער קאַסיר האָט אַרויסגעקוקט פֿון הינטערן פּאַרקראַטעוועטן פֿענצטערל און הויך געגענעצט. און איז שוין יאָ ווער צוגעקומען קויפֿן אַ בילעט, האָט ער אים אָנגעקוקט בייז, ווי ער וואָלט אויסן געווען אים צו שטערן זיין רו. די צוגן זענען אַדורכגעלאָפֿן מיט האַלבליידיקע וואַגאָנעס און די פֿרעמד־פּנימדיקע פּאַסאַזשירן האָבן זיך געפֿוילט אויפֿצוהייבן פֿון די בענק און אַרויסקוקן דורך די פֿענצטער אויפֿן פּוסטן וואָקזאַל.

*

אויפֿן שאָסיי, ביים באַנוועג איז געשטאַנען אַ גרויסע גלאָזהוטע, פֿון וועלכער ס'האָט אַרויסגעשלאָגן אַ גרויסע היץ אויפֿן וועג אַרויף. פֿרומע ייִדן, וואָס זענען אַדורכגעגאַנגען דעם שאָסיי, האָבן מהרהר בתשובה געווען:

— מה־דאָך, אַז פֿון אַזאַ פֿאַבריק, געמאַכט דורך מענטשנס הענט, זעצט אַזאַ גרויסע היץ — על אחת כמה וכמה, וואָסערע קאָן נאָך זיין די היץ פֿון גיהנום ?...

וואָס ווייטער פֿון שטאָט האָט דער שאָסיי אַלץ אויסגעזען פּוסטער. זעלטן־ווו ס'איז געווען אַ הויז. האָט זיך שוין יאָ ערגעץ געזען אַ שטיבל, איז עס געווען איינגעזינקען אין אַ ים פֿון גרינס.

פֿון פּולטוסקער שאָסיי, צו דער שטאָט צו, האָבן זיך געצויגן פּאַראַלעל צוויי געסלעך: די „אָפּלאַטקעס", אַ נישט ברוקירטע גאַס, פֿול מיט פּויערשע הייזלעך און שייערן. זומער פֿלעגט דאָרט שמעקן מיט פֿריש־געשניטן היי און מיט תבואה־ריחות, וואָס פֿלעגן זיך מישן מיט די ריחות פֿון בהמהשע מיסט און פֿרישע מילך. דאָרט פֿלעגן שפּאַצירן אַרבעטער־געזעלן און דינסט־מיידלעך, שיילן „באַניעקערן" און פֿירן ליבעס; דאָס צווייטע געסל איז געווען די שיל־גאַס. אין עק געסל איז געווען רעטקעס גאָרטן — אַ גרויסער סאָד,

ווו עס זענען שטענדיק געווען גרייט אייך צו באַפאַלן גרויסע, בייזע הינט. נענטער צו דער שטאָט האָבן זיך געפונען קליינע, הילצערנע הייזלעך, ווו עס האָבן געוווינט אָרעמע יידישע משפחות, בעל־מלאכהס, דאָרפסגייער און הענדלער; דאָס געסל האָט זיך פאַרענדיקט אויפן שילהויף, ווו ס׳איז געווען דער בית־מדרש, דאָס גרערער שטיבל, די מקווה, דאָרט האָבן אויך געוווינט דער בעדער, דער שמש און אין אַ קליין אָפגעזונדערט הייזל — דער באַגרעבער. ביי אים אויפן הויף איז געשטאַנען דער שוואַרצער מתים־וואָגן, די עגלה. ווי אָפצושוואַכן דעם שווערן איינדרוק, וואָס די עגלה האָט געמאַכט אויף די דורכגייער, איז אין זעלבן הויף געשטאַנען אַ קליין האַנטוועגעלע, מיט וועלכן זיין בעל־הבית פלעגט ערב־שבת און ערב־יום־טוב אַרומפירן פאַרקויפן אין די הייזער געלן זאַמד, אָנצושיטן אויף דער פאָדלאָגע און אַזויערנאָך באַשיינען די אָרעמע יידישע שטיבלעך.

נאָך דער שיל־געביידע, האָט דאָס געסל זיך געצויגן אַ ביסל ווייטער און זיך פאַרלוירן אויפן וואַרשעווער שאָסיי.

דער וואַרשעווער שאָסיי האָט זיך געצויגן העט ווייט דורך דער אייזערנער בריק, ווו עס זענען געלאָפן די אייזנבאַן־רעלסן און דערמאָנט אָן דער גרויסער וועלט, מיט וועלכער דאָס שטעטל איז דורך דער בריק פאַרבונדן.

נישט ווייט פון דער אייזערנער בריק איז געווען סאָלאָוויס פאַלאַץ — אַן איבערבלייבעניש פון אַן אַמאָליקן רוסישן באַאַמטן. אַרום פאַלאַץ איז געווען, אַ גרויסער פרוכטגאָרטן. דאָרט איז אויך געווען דער באַליבטער שפּאַצירפּלאַץ פון דער שטודירנדיקער יוגנט.

נישט ווייט פון סאָלאָוויס פאַלאַץ איז געווען די אַפּטייק, אַנטקעגן האָט געוווינט דער דאָקטער און עס האָבן אויך געהאַט זייערע היימען רייכע יידן פון שטעטל; אַ גרויסן פלאַץ האָט פאַרנומען דער טאַרטאַק * פון דאָרט האָבן זיך געצויגן זייטיקע וועגן צו קאָמפּאַקטע דערפער און פריצישע הויפן.

פאַרענדיקט האָט זיך דער וואַרשעווער שאָסיי, אין דער שטאָטישער זייט, מיטן געסל, ווו ס׳זענען געווען די יאַטקעס. פאַר די טירן פון די יאַטקעס פלעגן זיך וואַלגערן אַלטע, אויסגענוצטע יאַטקע־קלעצער, אויף וועלכע די קצבים און זייערע געזעלן פלעגן זיך פאַרזאַמלען. אַנטקעגן האָבן

---

* טאַרטאַק — האָלץ־שניידמיל.

זיך געצויגן אַ ריי געוועלבער, וואָס האָבן ווי אַרומגעצאַמט דעם שטאָטישן מאַרק.

דאָס שייַנדל פון שטאָט איז געווען דער שטאָטישער מאַרק. דעם פּלאַץ וואָלט מען געדאַרפט אָנרופן מאַרק, ווייל דאָרט זענען דינסטיק און פרייטיק פאָרגעקומען מערק און ירידים, גערופן האָט מען דעם פּלאַץ אָבער אָפטער גאָס און אַ ליבלעך געפיל האָט געשטעקט אין דעם נאָמען. דאָס האָט געקאָנט באַטייטן, אַז די איינוווינער האַלטן דעם פּלאַץ פאַרן צענטראַלסטן פּונקט אין שטאָט.

— גייסט אין גאָס? קומסט פון גאָס? וווינסט אין גאָס, אָדער אויף אַ שאָסיי? — פלעגט מען זיך ווענדן צו יעדן, ווען מ׳האָט געהאַט בדעה צו פרעגן עפּעס, וואָס האָט אַ שייכות צום מאַרק.

דער מאַרק איז געווען פאַרבויט מיט איין־און צווייִשטאָקיקע הייזער, אין די מערסטע הייזער זענען אויך געווען קעלערס, וועלכע מ׳פלעגט רופן קעלער־שטיבער. אומעטום האָט מען געוווינט, אין די קעלער־שטיבער האָבן געוווינט מיט זייערע משפחות בעקער און בייגל־בעקער. דאָרט זענען אויך געווען זייערע בעקערייען וואָס האָבן צוגעשטעלט געבעקס פאַר די געוועלבער אין מאַרק; אין די אייבערשטע שטאָקן האָבן געוווינט געוועלבניקעס, וואָס האָבן געהאַט זייערע געוועלבער אין מאַרק; בעל־מלאכהס, דער עיקר שניידערס־טאַנדייטניקעס, וואָס אין די מאַרקטעג און ירידים האָבן זיי זיך פאַרוואַנדלט אין סוחרים, אויסשטעלנדיק זייערע סחורות אויף ספּעציעלע געשטעלן צו פאַרקויפן אויפן מאַרק.

די געוועלבער אויפן מאַרק זענען — מיט קליינע אויסנאַמען — געווען יידישע. אין די געוועלבער האָט מען פאַרקויפט אַלץ, וועגן וועלכן מען האָט נאָר געקענט טראַכטן אין שטעטל, אָדער אין דאָרף. פון שפּילצייג, שפּייז און הויז־כלים, ביז אייזן, קאָסעס און שניט־סחורה. די בעל־מלאכהס און די מאַרק־שטייערקעס, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין געוועלבער, פלעגן אויס־שטעלן זייערע טישלעך און סטראַגאַנעס אין צוויי רייען, וואָס זענען אויס־געקומען אַנטקעגן די געוועלבער און אַרום און אַרום דעם מאַרק. אויף די טישלעך און געשטעלן פלעגן אויסגעלייגט ווערן די פאַרשידנסטע סחורות און אָפט פלעגט אין מיטן טומלדיקן מאַרק אויסברעכן אַ קריגעריי צווישן

די פֿאַרשידענע הענדלער איבער אַ קונה, וואָס איינער האָט ביים אַנדערן צוגענומען.

ווינטער איז דאָס שטעטל געווען ווי געבונדן. מ׳האָט געוואַרט, מ׳זאָל קאָנען אַרויסוואַרפֿן פֿון די שטובן די אייזערנע קיכן. די מאַרקשטייער און די געוועלבניקעס זענען נאָך אַלץ געווען אָנגעטאָן אין גראָבע קליידער און אין „וואַטוווקעס" און זיך געוואַרעמט ביי פֿייערטעפּ. נישט איין מאָל פֿלעגן זיך אָנצינדן די וואַטענע מלבושים און עס איז געוואָרן אַ געלויף פֿון אַלע זייטן צו פֿאַרלעשן דאָס פֿייער. צום מיינסטן פֿלעגט זיך אָנכאַפּן אַ ווייבערש אונטערקליידל, וואָס מ׳האָט אויף שנעל, אין מיטן מאַרק, געמוזט אַראָפּרייסן און פֿאַרשטיקן דאָס פֿייער.

נאָכן קליינעם בריקל האָט זיך דער מאַרק פֿאַרענדיקט מיטן פֿאַר־שטאָטיקן געסל, וואָס מ׳האָט אויף פּויליש גערופֿן: „פּשעדמיעשטשע". איין טייל געסל איז געווען באַוווינט מיט ייִדישער אָרעמקייט און די צווייטע טייל — מיט נישט־ייִדישער אָרעמקייט, אַזוי אַרום איז דאָס געסל געווען דער צענטער פֿון דער שטאָטישער אָרעמקייט. ביים סוף געסל, צום פֿעלד־צו האָבן זיך געפֿונען די שיינע געביידעס פֿון פּאָטשט, געריכט און מאַגיסטראַט, הינטער אָט די שיינע געביידעס האָבן זיך געשפּרייט אין זייער גאַנצער פּראַכט פֿעלד און וואַלד, און ווי אַרומגעאַרעמט דאָס שטעטל פֿון אַלע זייטן.

אויף דער צווייטער זייט מאַרק האָבן זיך געצויגן אָן אַ צאָל געסלעך אין פֿאַרשידענע ריכטונגען, אָבער דאָס אינטערעסאַנטסטע געסל איז געווען דאָס פֿישער־געסל. אָפּגעלאָזן איז געווען דאָס פֿישער־געסל, מיט די קליינע הייזקעס האָט עס אויסגעזען איינגעדרימלט. איז אָבער געקומען דער פֿרייטיק, אָדער ערב יום־טוב, פֿלעגט דאָס פֿישער־געסל אויפֿלעבן. די באַליעס מיט פֿריש־צאַפּלדיקע לעבעדיקע פֿיש; די פֿישער און זייערע ווייבער; די בעל־ביתטעס, וואָס זענען אומגעגאַנגען פֿון באַליע צו באַליע — דאָס אַלץ האָט צוגעגעבן אַן אייגנאַרטיקן אויסזען דעם פֿישער־געסל.

דאָס שטעטל האָט געלעבט אַ רויִק, שטיל, אפֿשר שוין צו מאָנאָטאָן לעבן. טעג און וואָכן האָבן זיך געצויגן, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז אָט די קרעמער, וואָס שטייען פֿאַר די טירן פֿון זייערע געוועלבער און קוקן אויס מיט ליכט אַ קונה, אָדער די מאַרק־שטייערקעס, וואָס שטייען אין גרופּקעס און באַריידן די גאַנצע שטאָט, זענען ווי איינגעדרימלטע און זיי ריידן אַזוי

שטיל, ווי זיי וואָלטן דאָס שטעטל נישט וועלן וועקן; אַפילו די אַרבעטער־געזעלן אין די וואַרשטאַטן האָבן כמעט נישט געזונגען, און אַז איינער האָט אונטערגעברומט אַ לידל, האָט מען עס אויך נישט געהערט אויפן גאַס; די חדר־ייִנגלעך אַפילו, וואָס אין די מאַרקטעג זענען זיי געווען פול אין יעדן ווינקלעלע, האָבן אין די וואָכנטעג אויסגעזען אַזוי סטאַטעטשנע, רויִק גע־גאַנגען אין חדר אַריין און דאָס לערנען אין חדר איז געווען אַזוי פּאַוואָליע, אַז מ'האָט עס קוים געהערט אין גאַס.

אַלץ אין שטעטל איז געווען רויִק, שטיל, בנעימותדיק, — ביז עס איז אָנגעקומען דער מאַרקטאָג. באַלד פון באַגינען פלעגן אָנפאָרן אויפן מאַרק פורן מיט פויערים און זייערע פּראָדוקטן; סוחרים פון אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. ווער עס האָט געברענגט סחורה און אויסגעשטעלט אַ שטעל, ווער עס איז געקומען קויפן סחורה און אומגעשפּאַצירט צווישן די שטעלן. דאָס גאַנצע שטעטל איז פון אין דער פרי אָן געווען אין מאַרק, אַלע זענען געוואָרן רירעוודיק, שנעל האָט מען אָפּגעדאַוונט אין די בתי־מדרשים, אַריינ־געכאַפּט דאָס אָנבייסן און אַרויס אין מאַרק. יונג און אַלט, חדר־ייִנגלעך און געזעלן, — אַלע זענען געווען פּאַרנומען אין מאַרק, דאָס גאַנצע שטעטל האָט באַקומען אַ רירעוודיקייט, און נישט קיין קלייניקייט — פון אָט די מערק און יארידים פלעגט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל ציִען די חיונה.

איז אָבער אַריבער דער מאַרקטאָג, האָט זיך נאָר פאַרענדיקט דער יאַריד, איז דאָס שטעטל ווידער געוואָרן שטיל און איינטאָניק, און עס האָט זיך גאָרנישט געקענט גלייבן, אַז אָט די זעלבע מענטשן קענען זיך אויך אַ מאָל צוויילן און זיין רירעוודיק ווען עס איז נייטיק.

צום מייסנסטן פלעגט זיך אָנזען דאָס איבערגיין פון רעש צו שטילקייט בעתן פרייטיקדיקן מאַרק. אַ גאַנצן טאָג איז דאָס שטעטל געגאַנגען כאָראָדאָם, מען האָט טאָקע אין די שטיבער געקאָכט און געראַמט, געגרייט זיך אויפ־צונעמען דעם שבת, מען איז אָבער נאָך שנעלער געלאָפן אין מאַרק אַריין, זיך געיאָגט צו דער אַרבעט, געלאָפן אין חדר אַריין, און איבער אַלעם האָט דאָך געווירקט דער מאַרק: מען איז אָדער געקומען פון מאַרק אָדער געלאָפן אין מאַרק אַריין.

— טראָג צו דער מאַמען עפּעס אין מאַרק אַריין.

— גיי אין מאַרק אַריין, שיק אַהיים דעם טאַטן אָפּעסן.

— טראָג אַרויס דאָס פּעקל אין מאַרק אַריין.

דער האַנדל וואָלט אויך פּריטיק זיך פאַרצויגן ביז אין דער נאַכט אַריין ווי אין אַלע מערקטעג, נאָר פּלוצעם פּלעגט ווי פון אונטער דער ערד אַרויסקריכן דער שמש און מיט אַ זיס־וויינענדיקן ניגון אויסזינגען אין רעשיקן מאַרק אַריין:

— אין שיל אַריין!!! אין שיל אַריין!!!

און דער מאַרק פלעגט ווי דורך אַ צויבער פאַרשווינדן. די טישלעך זענען שנעל אָפּגערייניקט געוואָרן און די פּעק סחורות זענען אַוועקגעטראָגן געוואָרן אין די קלייטן און אין די דערבייאיקע הייזער. די געוועלבער האָבן זיך מיט רעש פאַרקלאַפּט, און אַפילו די פויערים האָבן אויפגעהערט טרינקען, פאַרקליבן זיך שנעל אויף זייערע וועגענער און מיט רעש פאַרלאָזט די שטאָט אויפן וועג אַהיים צו זייערע כאַטעס, צו זייערע דאָרפישע היימען.

די זון האָט זיך געהאַלטן אין זעצן און דאָס פריִערדיקע רעשיקע און טומלדיקע שטעטל איז פּלוצעם געוואָרן אַזוי שטיל. אַפילו אין רעש פון לויפן אין, אָדער פון מרחץ, איז געלעגן אַזאַ מין שלוותדיקייט, ווי עס וואָלט אַרויסגעשריִען פון יעדן:

— וואַרטס אַ ווײַלע און איר׳ט זען ווי רויִק מיר לעבן, דאָס איילן מיר זיך נאָר אַזוי לכבוד שבת.

באַלד זענען טאַקע ייִדן, אויסגעצוואַגענע, אין שבתדיקע מלבושים, גע־גאַנגען אויף אַלע וועגן אין די שטיבלעך און בתי־מדרשים מקבל־שבת זיין.

פון די שטיבער האָבן אַרויסגעשיינט אין גאַס אַריין די געצונדענע ליכט. די ווייסע פאַרהענגלעך אויף די פענצטער, דער שבתדיק־געגרייטער טיש און אָפט אַ שמייכלדיקע פרוי אָדער מיידל, וואָס פלעגט זיך אַריבערכאַפּן צו אַ שכנה אָדער אַ חברטע ביז מען וועט קומען פון דאַוונען — האָבן איבער־געגעבן די שטילקייט פון דער שבתדיקער מנוחה.

שבת ביי טאָג, נאָכן אָפּעסן, האָבן חסידישע טעכטער בגנבה זיך אַרויס־באַקומען פון די שטובן און זיי זענען אַוועק שפּאַצירן מיט בחורים אין וואַלד אַריין. מאַמעס האָבן געהאַלטן אין איין פרעגן:

— ווו איז בלומע?

— אַוודאי אַוועק אין וואַלד אַריין.

נאָך מיטאָג האָט מען אין די פרומע שטובן פאַרהערט ישיבה־בחורים.

זייער גמרא־ניגון, וואָס האָט זיך געריסן דורך די אָפענע פענצטער, איז געווען פול מיט יידישע ווערטער. די קולות פון די יונגע בחורים זענען געווען צאַרט און אָנגענעם. דערוואַקסענע מיידלעך פלעגן זיך דרייען אַרום די פענצטער און אַריינקוקן ווען מען פאַרהערט, און אַז זיי האָבן דערזען, אַז דער פאַרהערער גיט אַ קנייפּ דעם בחור אין בעקל אַריין, זענען זיי אַוועק־געלאָפן פון פענצטער מיט אַ שטיל געלעכטערל, וואָס האָט געמיינט, אַז דער בחור געפעלט זיי.

נישט נאָר דאָס יידישע לעבן איז געפלאָסן אַזוי רויק, נאָר אַפילו דאָס נישט־יידישע שטעטל האָט אויך געלעבט אָן טומל, פונקט ווי די יידישע באַזאַכטקייט וואָלט געווירקט אויך אויף די נישט־יידישע איינוווינער פון שטעטל און אַפילו פון די אַרומיקע דערפער. אפשר איז עס געווען דער איינפלוס פון רויקן בוג, ווּעמענס וואַסערן עס זענען געפלאָסן פאַרביי דעם שטעטל, און דער וואַלד, וואָס האָט דאָס שטעטל ווי באַהאַלטן פון אַ גוט אויג...

זונטיק. דאָס קאָשטשעלנע־געסל איז פול מיט פויערים און שטאָטישע קריסטן, וואָס גייען אין קלויסטער אַריין צו דער תפילה; אַרום קלויסטער שטייען יונגען, און זיי קוקן נאָך די מיידלעך, וואָס גייען אין קאָשטשאָל אַריין מיט זייערע געבעט־ביכער און מיט אַן אומשולדיק־גאָטספאָרכטיקער מינע. די קירכן־גלאָקן קלינגען, דער עולם ליידיקט אָפּ די גאַס און עס הערט זיך דורך די אָפענע טירן דאָס זינגען פון קירכע־כאָר און דעם גלחס דרשה.

אויף צו מאָרגנס איז דאָס קאָשטשעלנע־געסל ווידער שטיל, רויק, ווי איינגעשלאָפן.

אַזוי האָבן יידן געלעבט רויק און טייל מאָל אויך צופרידן ביז נייע געשעענישן האָבן זיך אַריינגעריסן אין לעבן.

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. צוזאַמען מיטן הונגער האָט זי אויך געבראַכט אַ ביסל רענע־סאַנס. אין שטעטל איז געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק, ס׳זענען אַנטשטאַנען פּאַרטייען, ס׳זענען איינגעאָרדנט געוואָרן אָוונטן, פאַרווײלונגען, און דער קאַמף צווישן אַלטן און נייעם דור האָט זיך אָנגעהויבן. דער רב פון שטעטל צוזאַמען מיט דער אָרטאָדאָקסיע, וואָס איז געווען אַ פּאָליטישער כוח, האָבן געפּרוּווט שטערן די קולטור־אונטערנעמונגען. דער רב האָט אויסגערופן

אַ חרם אויף די עלטערן, וואָס לאָזן זייערע דערוואַקסענע קינדער גיין שפּאַצירן אין וואַלד אַריין. שבת האָט דער רב אַוועקגעשטעלט אַ שמירה ביי דער בריק, מ׳זאָל נישט מחלל שבת זיין און אַרויסגיין פון תחום־שבת. אָבער דער יונגער דור האָט ראָש גענומען גיין פאַרויס צו ליכט און קולטור.

און ווידער האָט זיך געלייגט אַ גרויסער שטיין אין וועג — אַ שטרויכ־לונג פאַר דער קולטור־אַנטוויקלונג פונעם יונגן דור. דאָס שטעטל איז איבער־גאַנגען צו נייע באַלעבאַטים — די פּאָליאַקן. כאָטש איינגעזעסענע דורות־לאַנג צוזאַמען מיט ייִדן, האָבן זיי באַלד אין די ערשטע טעג, ווען זיי האָבן דערשפּירט מאַכט — גענומען זיך צו זייערע שכנים, די ייִדן: געשלאָגן, ראַבירט, געשניטן בערד, געמאַכט גאַסן־און שטוב־אָנפאַלן און פאַרענדיקט מיט פּאָגראָמען.

די ייִדישע יוגנט האָט גענומען אויסוואַנדערן ווו נאָר ס׳האָט זיך געלאָזט, און נאָך די ערשטע טריט אין די נייע לענדער — שוין געזאָרגט אַריבער־צונעמען זייערע קרובים.

אָבער דאָס שטעטל איז נאָך אַלץ פול געווען מיט ייִדן, מיט ייִדישע שבתים און יום־טובדיקייט. דער וואַלד האָט געהאַלטן אין איין רוישן און אַ צעוואַקסענער באַוואַכט דאָס שטעטל. מ׳איז צוגעוווינט געווען, אַז ווי נאָר שוואַרצע וואָלקנס, קומען זיי פון הינטערן וואַלד אַפער, ווי נאָר עס דערנענטערט זיך אַ שטורעם, הייבט אָן רוישן דער אַלטער וואַלד — דער געטרייער שומר פון שטעטל, זאָגט אָן אַ סכנה.

אָבער איין מאָל האָט געטראָפן, אַז דער געטרייער שומר — דער וואַלד — האָט נישט פאַרהיט. קיינער האָט זיך נישט געריכט, אַז דאָס אומגליק וועט אַזוי פּלוצעם אַרויספאַלן אויפן שטעטל און נישט שאַנעווען, נישט קיין זקן און נישט קיין קינד אין וויגל.

געשען איז דאָס אין די סעפּטעמבער־טעג, ווען גינגאָלדענע זונען האָבן זיך געשפּיגלט אין די וואַסערן פון בוג. די פעלדער האָבן געהאַט נאָר וואָס געגעבן די ברכה פון דער ערד און פאַרפולט די שפּייכלערס מיט תבואה, די פרוכט־ביימער זענען נאָך געווען באַהאַנגען מיט צייטיקע עפּל און באַרן. דער וואַלד איז גראָד שטיל געווען. קיין וואָלקנס איבער אים זענען נישט געהאַנגען און פון קיין בייז האָט ער נישט אָנגעזאָגט. פּלוצעם זענען פון איבער זיין קאָפּ מיט רעש אָנגעפלויגן שטאָלענע פייגל. זיי האָבן דאָס שטעטל

באַמבאַרדירט און האַלב חרוב געמאַכט. דערנאָך האָבן זיך אין די געסלעך פון שטעטל מחנות האַקנקרייץ־חיות אַריינגעריסן. זיי זענען געווען פאַר־שטויבט און דורשטיק נאָך מענטשן־בלוט. זיי האָבן פאַרברענט ייִדישע הייזער, אויסגעלאָשן ייִדישע לעבנס, געריטשעט דאָס „האָרסט וועסל"־ליד — און דער בוג איז געוואָרן רויט פון ייִדיש בלוט.

דער אַלטער וואַלד האָט אויפגעציטערט. איין בוים האָט געוועקט דעם אַנדערן, געשמיסן מיט זיינע נאָדל־צווייגן. ס'האָט אויסגעזען, ווי דער אַלטער וואַלד וויל לויפן אין שטעטל אַריין און ראַטעווען די משהלעך, שלמהלעך, חנהלעך און רחלעך, וואָס ער האָט אַזוי גוט געקענט, זיי באַהאַלטן צווישן די געדיכטעביימער און צווייגן, ווי ער טוט דאָס מיט געררודפטע חיהלעך, ווען ער באַשיצט זיי פאַר ווילדע יעגער...

אָבער אַחוץ דעם אַלטן וואַלד איז עס קיינעמען נישט אָנגעגאַנגען...

# ביים ארון־קודש

## רבי און תלמיד

זינט מ׳האָט אויסגעבויט די נייע שול האָט זיך ראַביי אַדלער געפילט גאָר דערהויבן. די שול איז געווען אויסגעפּוצט מיט גרויס רייכקייט — אַ מאָדערנער פּאַלאַץ, אויסגעבויט פון באַרימטע קינסטלער. סיי די אויסנווייניקסטע און סיי די אינעווייניקסטע אַרכיטעקטור איז געווען אַן אייגנאַרטיקע.

די שול האָט זיך געפונען אין אַ שטעטל, ווו ס׳האָט זיך געשאַפן אַ נייער יידישער ישוב. נאָך מיט צוואַנציק יאָר צוריק האָט זיך קיינער נישט געקאָנט פאָרשטעלן, אַז יידן וועלן וווינען אין דעם דאָזיקן העק, אַ געגנט פון פייכטע לאַנקעס, מיט אַן ערד, וואָס מ׳האָט גיכער געקענט פון איר אַרויסנעמען טאָרף, ווי בויען אויף איר הייזער.

יידן האָבן אויפגעשטעלט זייערע הייזער אויף אָט דער ערד, כדי צו וווינען ווייטער פון יענע שכנים, וואָס האָבן זיך צו זיי דערנענטערט. געקומען זענען זיי אַהער פונעם סאַמען צענטער פון דער גרויסער פאַבריקן־שטאָט. דאָרט זענען פון אייביק־אַן געווען זייערע געוועלבער, זייערע אָפיסעס און זייערע שטובן. ווו נישט ווו איז געבליבן פאַריתומט אַן אַלטע סינאַגאָגע, וואָס איז געוואָרן פאַרקויפט און איבערגעאַרבעט אויף אַ קלויסטער. ביס־לעכווייז איז אויך דער שיקאַגער בולוואַר מיט די גרויסע רייכע הייזער אָפּגערייניקט געוואָרן פון יידן און זיי זענען אַוועק ווייט הינטער דער שטאָט. אויך די נייע אויסגעבויטע אויטאָסטראַדע האָט אַ סך צוגעהאָלפן, אַז אויף די פוסטע, פאַרוואָרלאָזטע פלעצער זאָל זיך אין אַ שנעלן טעמפּאָ אויסבויען אַ יידישער ישוב.

די נייע קאָלאָניע האָט באַקומען דעם אויסזען פון אַ טיפּיש־אַמעריקאַנער רייכן ווינן־קוואַרטאַל. די הייזער אין סאַוטפילד האָבן אַ באַזונדערן חן.

זיי זענען געבויט מיט געבויגענע דעכער ביז אַראָפּ און מיט גרויסע סאַלאָן־צימערן מיט גלאָז־ווענט פון דער גאָרטן־זייט. אַז מ׳קוקט אַרויס פון די גלאָז־ווענט, זעט מען אַ לאַנגע שורה יונגע ביימלעך. דאָס איז אַ שטיל קלאָר וואַסערל, וואָס זאַמלט זיך אָן פון דער נאַסער ערד און פליסט הינטערן רוקן פון די הייזער. פון אַלע זייטן זענען די הייזער אַרומגערינגלט מיט גרינע גערטנדלעך. אין דער פראָנט־זייט — ברייטע גאַראַזשען מיט טירן וואָס עפענען זיך מיט אַ „מאַגנעטיש־אויג״. אין די שטילע גאַסן הערט מען נישט קיין יידיש ריידן, אָבער אַז מ׳קומט אַריין אינעווייניק, דערקענט מען יידיש לעבן: אין די קינדער־שטובן געפינט זיך אַ גרויסער אַלף־בית, אויף די קאָמאָדעס שטייען זילבערנע שבת־לייכטער און חנוכה־לאָמפּן און אַ סך קינדער ווייסן אויך צו ריידן אַ פּאָר ווערטער עברית.

וואָס טיפער די נייע שכנים זענען אַריינגעדרונגען אין שטאָט אַריין, אַלץ מער האָבן זיך אין סאָוטפילד געמערט די הייזלעך. אין אָנהייב זענען פּלעצער געווען ביליק, אָבער ווי נאָר יידן האָבן זיך גענומען באַזעצן, איז דער באָדן טייערער געוואָרן.

צוזאַמען מיט די הייזער האָט מען אויך אָנגעהויבן בויען אַ גרויסע שול.

איין פליגל פון דער נייער שול איז געווען אויסגעבויט מיט געראַמע שול־קלאַסן, וואָס האָבן געקאָנט אַריינגעמען מער ווי טויזנט קינדער. קעגנאיבער האָט זיך געפונען דער גרויסער קאַבינעט און די ביבליאָטעק פון ראַביי. די ביבליאָטעק איז געווען אָנגעפילט מיט אַ סך ספרים אין דריי שפּראַכן: ענגליש, העברעיש און יידיש. אַלע די־אָ שפּראַכן זענען אים געווען היימיש.

דער רייך־מעבלירטער קאַבינעט, ברייטער שרייב־טיש און די גרויסע ספרים־שענק, האָבן אַרויסגערופן דרך־ארץ, און מער נאָך — די געשטאַלט פון ראַביי אַליין. ער איז געווען אַ הויכער, מיט אַ לאַנג־געשניטן ביינערדיק פּנים. די אונטערגעשווירענע באָרד האָט אים געפּאַסט און דערמאָנט די געשטאַלט פון אַ פּאַרצייטישן דענקער. אין די יונגע יאָרן, נאָך אַלס אַ סטודענט, איז ער שוין געווען אַ בעל־מחשבות.

דער טאָג אין דרויסן האָט זיך געשטעלט אַ וואַרעמער. אין די גרויסע פענצטער האָט זיך אַריינגעריסן אַ גאָלדענע זון. די שטילקייט האָט אויף אים משפּיע געווען. שוין פון אין דער פרי אָן האָט ער זיך אַרומגעדרייט

אין קאַבינעט. ער האָט דערוואַרט געסט. דאָס זענען געווען גייסטלעכע פון אַנדערע רעליגיעס, מיט וועלכע ער האָט זיך גוט פאַרהאַלטן. ער איז געווען צופרידן וואָס זיי קומען אים באַזוכן, דווקא דאָ אין דער שול, אין זיין קאַבינעט. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די סעקרעטאַרין איז אַרייַנ־געקומען און געמאָלדן.

— דער ביסקופּ מאַריוס און דער פּאַסטער גאַלאַ זענען געקומען!

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אַקעגנגעגאַנגען די אורחים, זיי וואַרעם באַגריסט, און דאָס געשפּרעך האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ שנעלערן טעמפּאָ ווי אַלע מאָל.

דער־אָ דיספּוט איז געווען אַ המשך פון אַ דיסקוסיע, וואָס זיי פלעגן צווישן זיך פירן. און כאָטש פון פאַרשידענע רעליגיעס, זענען זיי געווען געאייניקט אין אַ גרונט־געדאַנק. דער געדאַנק וואָס דריקט זיך אויס: „גאָט איז אַ פאָטער פון אַלע זיינע באַשעפענישן".

ביסקופּ מאַריוס איז אַ קאַטוילישער גלח, אַ געבוירענער אַמעריקאַנער, וואָס האָט פון רוים מיטגעברענגט די הייליקייט און אין אַמעריקע האָט ער באַקומען די טבע צו פאַרגעטערן די פרייהייט. ראַביי אַדלער האָט זיי ביידן באַזעצט ביי זיין אַרבעטס־טיש, און ס'איז אויסגעקומען, אַז זיי זיצן פּנים אל פּנים, ווי ביי אַ קיילעכדיקן טיש.

אין אָנהייב איז די שטימונג געווען אַ ביסל אַ געדריקטע. אין שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן ראַסן־עקסצעסן. די באַפעלקערונג איז געווען אומרויִק. די אַרבעטסלאָזיקייט אין די אויטאָמאָביל־פאַבריקן האָט זיך פאַרגרעסערט פון וואָך צו וואָך.

די קריסטלעכע גייסטלעכע האָבן זיך געפילט, אַז זיי האָבן דעם ראַביי געלאָזט מער ריידן און זיי אַליין האָבן זיך זעלטן אָנגערופן. אייגנטלעך, זענען זיי נישט אַהערגעקומען צו אַ וויכוח, נאָר צו הערן און לערנען פון דעם יידישן געלערנטן. זיי האָבן ליב געהאַט זיינע פילאָזאָפישע שמועסן. ראַביי אַדלער האָט מסכּם געווען:

— אונדזער פליכט, ווי אַמעריקאַנער יידן, איז צוצוהעלפן דער אַמערי־קאַנער געזעלשאַפט צו פאַרשטיין די פילאָזאָפיע פון דער שיטה: צוזאַמען מתפּלל זיין פאַר שלום, פרייהייט און זעלבשטענדיקייט.

— מיר מוזן אָבער געפינען אַ בשותפותדיק געפיל, וואָס פאַרבינדט אונדז אַלעמען — האָט זיך אָנגערופן ביסקופּ מאַריוס.

— איך מיין — זאָגט פּאַסטאָר גאַלאַ — אַז דאָס געפיל פונעם מענטש נישט צו וועלן זיין אַליין אויף דער וועלט, זיין שטרעבן צו זיין פאַרבונדן מיט אַ העכערע מאַכט, מיט אַן אוניווערסאַלן גייסט, פאַרבינדט אונדז אַלעמען.

ביידע האָבן געוואַרט דער ראַביי זאָל אַרויסזאָגן זיין מיינונג.

— עס איז פאַראַן עפּעס שטאַרקערס און אוניווערסאַלערס. אויב עס איז פאַראַן אַ בשותפותדיק געפיל פאַר אַלע מענטשן — איז עס דער צער.

ער האָט זיך אַ ביסל אָפּגערוט און באַלד ממשיך געווען:

— אַן אַלט פּשוט מעשהלע דערציילט וועגן וועלט־צער: אין דער שטאָט נעאַפּאָל איז אַ פּאַציענט געקומען צום דאָקטער און האָט זיך באַקלאָגט אויף מעלאַנכאָליע. ער האָט זיך נישט געקענט באַפרייען פון אַ טיפן צער. דער דאָקטער האָט צו אים געזאָגט: איך רעקאָמאַנדיר דיר צו באַזוכן אַ טעאַטער, וואָס האָט נישט צו זיך אַ גלייכן. עס שפּילט קאַרליני! די דאָזיקע קאָמעדיע מאַכט יעדן טאָג לאַכן אַ גרויסן עולם. אויף יעדן פאַל, גיי זעען קאַרליני! זיין שפּילן און זיינע וויצן וועלן פאַרטרייבן דיין מעלאַנכאָליע". ווי נאָר דער פּאַציענט האָט דאָס דערהערט, האָט ער אויסגעבראָכן אין אַ ביטער געוויין: „אָבער, דאָקטאָר, דאָקטאָר — איך בין דאָך קאַרליני!...

דער איינדרוק איז געווען אַ שטאַרקער. ראַביי אַדלערס געסט זענען געווען צופרידן. יעדעס מאָל, ווען זיי טרעפן זיך צונויף מיטן ראַביי, נעמען זיי עפּעס מיט פון זיין לערע, פילאָזאָפיע און זיינע קאָמענטאַרן צו פאַרוויקלטע טעאָלאָגישע פראַגן. אויך היינט גייען זיי נישט אַוועק ליידיק.

דער ראַביי האָט זיי באַגלייט ביז אַרויס פון שול. ער איז געבליבן וואַרטן ביז זייער מאַשין האָט געדרירט פון אָרט.

אויפן וועג האָבן זיי לאַנג געשמועסט און פּאַסטאָר גאַלאַ האָט אויסנווייניק ציטירט עטלעכע סטראָפן פון ראַביס אַ ליד:

צי דאַרף איך שרייען, ווו איז גאָט,
ווען זיין לייטזעליקייט האָט זיך פון מיר אָפּגעטאָן?

דאַרף איך אין קראַנקן־בעט פאַרגעסן די ברכה פון געזונט,
וואָס דו האָסט מיר אַ שטיק לעבן געגעבן?

צי דאַרף איך אין טרויער פאַרגעסן;
פרייד, געלעכטער און שמחה,
וואָס כ׳האָב אין לעבן געהאַט?

צי, ווען ס׳איז מיר פינצטער —
דאַרף איך פאַרגעסן די ליכטיקייט,
אין וועלכער כ׳האָב געלעבט?

אָ, גאָט! גיב מיר דאָס געפיל,
צו פרייען זיך מיט די מתנות,
וואָס דו האָסט מיר אַ מאָל געגעבן.
און כאָטש כ׳האָב זיי נישט היינט,
זאָלן זיי אין מיינע זכרונות אויפלעבן.

ביסקופּ מאַריוס איז געבליבן זיצן שטום. ערשט ווען זייער מאַשין האָט זיך אָפּגעשטעלט האָט ער זיך אָפּגערופן:

— ווי איך זע, זענט איר אונטערן איינדרוק פון ראַביי.

— איך האָב אים אַפילו איין מאָל פון דער קאַטעדרע ציטירט. אָבער עלטערער ברודער, איר האָט מיר גאָר נישט געזאָגט וועגן דעם ליד...

— דאָס ליד האָט אויף מיר געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק — איז דער ביסקופּ געווען גערירט.

— וואָס האָט איר דערפון אַרויסגענומען?

— פּשוט, אַז דער יסוד פון גלויבן איז — פאַר אַלץ צו דאַנקען גאָט. דאָס איז אַ גאָר גרויסע מדרגה — האָט דער ביסקופּ אַזש זיך איבערגעצלמט.

אויך ראַביי אַדלער איז געווען צופרידן פון דעם שמועס. די מחשבה אין דער שטיל, אָדער די מחשבה, וואָס ווערט אויסגעלייגט אויף פּאַפּיר, האָט ביי אים נישט געהאַט אַזאַ גרויסן ווערט, ווי דאָס לעבעדיקע וואָרט. דאָס לעבעדיקע וואָרט פון מענטש צו מענטש, דער לעבעדיקער געדאַנק, וואָס ווערט אויסגעטייטשט, די תורה שבעל פה — זענען די וויכטיקסטע

פּילאַרן, אויף וועלכע ס׳האַלט זיך דאָס גייסטיקע לעבן אויף דער וועלט. און כאָטש ווערטער צעגייען זיך אין חלל אָן אַן אָפּקלאַנג, איז אָבער דער גייסטיקער מהות, דאָס עצם אַרויסברענגען דעם טיף פאַרבאָרגענעם געדאַנק, אַז די אייגענע אויערן זאָלן דאָס הערן — אַ דערשיינונג פון גייסטיקער דערהויבנקייט.

ער האָט מער נישט געקאָנט איינזיצן ביי זיך אין קאַבינעט און אַרויס־געגאַנגען אין די קלאַסן, ווו ס׳האָבן געלערנט די יונגע קינדער. אין זיי, אין די יינגע קינדער, וואָס לערנען אין דער סינאַגאָגע־טאָג־שולע, האָט ראַביי אַדלער געזען אַ גרויסע צוקונפט. דער דור איז אים נאָענט מיט זיין נייגונג צו רעליגיע. מיט זיין שפּראַך, וואָס איז כולו ענגליש. אויך אים אַליין איז ענגליש נעענטער פון די אַנדערע שפּראַכן, מיט וועלכע ער באַ־נוצט זיך.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין די קלאַסן און געזען די לוסטיקע קעפּלעך פון די קינדער. אין אַ ווינקל איז געזעסן איינער פון די תלמידים, מיט וועלכן ער האָט זיך ספּעציעל אָפּגעגעבן — ריטשאַרד — רופט מען אים. ער גע־דענקט, אַז שוין אין די יינגסטע יאָרן האָט דאָס יינגל אַרויסגעוויזן אַ פאַר־אינטערעסירונג צו פּראָבלעמען, וועלכע זענען געווען מחוץ דער שולע. דער ראַביי איז שוין געווען צוגעוווינט דערצו, אַז ווען ער קומט אין קלאַס באַוואַרפט אים דער קליינער ריטשאַרד מיט פראַגן. אַצינד האָט ער גע־וואָלט וויסן:

— ראַביי, זאָגט, צי קאָן מען זיך אויף טיילן מיט גאָט?...

ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט מיט קינדערישער נאַיווקייט, אָבער דער ראַביי האָט באַלד דערפילט, אַז דאָס יינגל האָט אַנגערירט אַ שאַרפע פראַגע. ער האָט מיט אים לאַנג גערעדט, ביז ער האָט אַרויסבאַקומען, אַז זיין כוונה איז אַ גוטע. ער, ריטשאַרד, האָט געוואָלט בעטן זיין גאָט פאַר אַ חבר אַ קריסט, וואָס איז שווער קראַנק געוואָרן, און ווי די קינדער האָבן דער־ציילט, האָבן אַלע תפילות ביים גלח נישט געהאָלפן. ער האָט נאָר מורא געהאַט, צי דער יידישער גאָט וועט זיך אויף אים נישט בייזערן דערפאַר, וואָס ער בעט פאַר אַ נישט־געמלטן. דער ראַביי האָט ריטשאַרדן באַרויקט. ער האָט צו אים געזאָגט:

— זיי וויסן, מיין קינד, אַז אַלע מענטשן זענען גאָטס באַשעפענישן.

אין זיינע עשרת הדברות האָט ער אָנגעשריבן ואהבת לרעיך כמוך. און עס שטייט נישט געשריבן ואהבת ליהודי כמוך. „רעך" — קאָנסט האָבן אַ חבר און דער חבר קאָן זיין יאָ אַ ייִד, אָדער נישט קיין ייִד, אָבער דער נאָמען מענטש איז דער עיקר!

דער קליינער ריטשאַרד איז אַוועק פון ראַביי מיט אַ גרויסער שמחה.

דער ראַביי האָט געטראַכט, אַז דאָס ייִנגל האָט סתם געוואָלט עפּעס וויסן, אָדער פּלאַפּלען מיטן ראַביי. ער וואָלט אין דעם פאַרגעסן, ווען נישט אַ צו־פאַל:

איידער ראַביי אַדלער איז אַהיימגעגאַנגען פון זיין אַרבעט אין דער שול, איז אים אויסגעקומען פאַרבייצוגיין פאַרן ארון־קודש און ער האָט דערזען, אַז הינטער דעם פּרוכת רודערט זיך עפּעס. אין אָנהייב איז ער שטיין געבליבן און נישט געוווּסט וואָס עס קאָן זיין, אָבער ווי נאָר ער איז צוגעגאַנגען נענטער, האָט ער דערזען, ווי דער קליינער ריטשאַרד שטייט הינטערן פּרוכת. ער האָט אַפילו דעם ראַביי נישט באַמערקט. זיינע ליפּן האָבן געציטערט פון אַ שטילער תפילה.

דאָס איז געווען די תפילה פאַרן קראַנקן קאַטוילישן חבר; ריטשאַרד האָט געבעטן ער זאָל געזונט ווערן.

פון דעמאָלט אָן האָט ריטשאַרד זיך אַריינגעריסן אין זכרון פון ראַביי.

*

אויפן אוניווערסיטעט האָט ריטשאַרד אַרויסגעוויזן אומגעהויערע פעיִקייטן. זיין באַנעמען די לימודים, זיין אויפפאַסן און זיין אויסטייטשן סאָציאָלאָגישע און פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעמען, האָבן נישט איין מאָל איבערראַשט זיינע פּראָפעסאָרן. זיי האָבן דערזען בליץ־געדאַנקען פון אַ יונגן גאון, וואָס איז שוין געשטאַנען העכער פון דער אינסטיטוציע, אין וועלכער ער האָט גע־לערנט. אָבער איין זאַך האָט זיך בולט אַרויסגעוויזן: אַלע זיינע גענג זענען געווען אין די ראַמען פון גלויבן. ריטשאַרד, כאָטש ער איז געווען אין דער פרייער אוניווערסיטעטס־סביבה, איז געבליבן טריי דער לערע פון זיין רבין, געגלייבט באמונה שלימה אין דער געטלעכקייט. די טיפע אמונה אין דעם, וואָס ס'איז געשריבן אין דער תורה, איז געבליבן דער גרונט זייַל, אויף וועלכן עס האָט זיך געהאַלטן די גאַנצע לערע זיינע. דעם איבערגאַנג

פון דער לערע אין דער שולע, און פון דער שולע אינעם אוניווערסיטעט — האָט ער אַליין נישט געפילט, ווייל אייגנטלעך האָט זיך דאָך ביי אים גאָר־נישט געענדערט. ער איז געווען דער זעלבער גלייביקער, און די לימודים וועלכע ער האָט זיך גענומען פאַר אַ ציל צו לערנען, פּאַסן זיך אַריין אין דעם גייסט פון משהס תורה. ער האָט טאַקע נישט איין מאָל פאַרגליכן די סאָציאַלע לערע און די געבאָטן פון דער תּורה: ווי די געבאָטן פון אַן עבד עברי, וואָס מ׳מוז באַפרייען, אָדער די געבאָטן פון פאה און שיכחה אויף די פעלדער, פון מעשר און תרומה, פונעם פאַרבאָט נישט צו נעמען פּראָ־צענטער. ספּעציעל איז אים געפעלן געוואָרן דער באַפעל פון אָפּגעבן דאָס פאַרמשכנטע קישן און איבערבעט ווען די זון גייט אונטער. וואָס מער ער האָט אין דעם אַריינגעטראַכט, אַלץ מער איז אים תורת־משה געפעלן געוואָרן.



אויף די אוניווערסיטעטן אין שטאָט האָבן געלערנט עטלעכע הונדערט סטודענטן פון ישראל אויך אויף ריטשאַרדס פאַקולטעט זענען זיי געווען. ריטשאַרד האָט זיי זייער מקרב געווען, אָבער צום נאָענטסטן איז אים געווען אברהם בליי.

אברהם בליי האָט דווקא געוואָלט שטודירן אין אַמעריקע. ער איז געווען אַ געבוירענער סאַברע, און ער האָט גוט אָפּגעהיטן זיינע לימודים. ריטשאַרד פלעגט אַלע מאָל מיט אים שמועסן און אברהם האָט אים דערציילט וועגן זיין לאַנד. ער איז געווען פון די, וואָס האָבן געבענקט אַהיים און האָט זיך אויפגעפירט נישט אַנדערש, ווי די איבריקע ישראל־סטודענטן, געווען אָפּגעזונדערט, האָט נישט באַזוכט קיין יידישע משפחות אין שטאָט, און אַז מ׳האָט אים אַ מאָל איינגעלאַדן אויף אַ שבת אָדער יום־טוב אין אַ יידיש הויז, פלעגט ער זיך דערפון אַרויסדרייען. נישט איין מאָל האָבן זיך די יידן פון דער שטאָט געפילט געטראָפן. זיי האָבן בשום אופן נישט געקענט דערנענטערן צו זיך די סטודענטן פון ישראל. צווישן זיי איז געווען אַ דיקע וואַנט. די ישראלים האָבן געקוקט אַ ביסל קרום אויף דער דאָזיקער יוגנט, וואָס לעבט אין לוקסוס. זיי האָבן פאַרגליכן די יידישע יוגנט פון אַמעריקע מיט דער יידישער יוגנט פון ישראל; די יוגנט אין ישראל איז פיל אָרעמער. זיי פאָרן נישט צו די לעקציעס אין לוקסוס־מאַשינען, זיי האָבן נישט קיין

רייכע טאַטעס, וואָס קאָנען זיי איינאָרדענען, אָבער זיי זענען אַ סך רייכער מיט זייער סביבה, זענען צוזאַמענגעוואַקסן מיט דער געזעלשאַפט מיט איר פרייד און טרויער, מיט איר זיכערקייט און געפאַר, און דערפאַר — אַ סך גליקלעכער. ריטשאַרדן פלעגט דאָס פאַרדריסן, ווייל אברהם האָט אים אָפן געזאָגט, אַז ער קאָן זיך נישט גוט פילן אין דער סביבה צוליב אָט די טעמים. אָבער ריטשאַרד האָט אים געפרוווט איבערצייגן. ער האָט אים דער־ציילט וועגן זיין רבין, וואָס האַלט פייערדיקע דרשות פאַר ישראל, האָט אין זיך אַ טיפע אמונה, אָבער אברהם האָט אָפגעוועגדט אַלע זיינע טענות.

אברהם האָט געשטאַמט פון אַ חסידישער היים, און אויף ווי ווייט ער איז שוין געווען אַ ביסל פאַרויסגעגאַנגען, האָט ער אָבער אין זיך געהאַט אַלע איינגעלעבטע טראַדיציאָנעלע מנהגים, וואָס ער האָט מיטגענומען פון זיין היים. זיין מוטער איז געבוירן געוואָרן אין מאה־שערים און דער פאָטער איז געקומען פון גאַליציע. דער שמועס צווישן ריטשאַרדן און אברהמען האָט זיך אַלע מאָל פאַרלענגערט, פאַרטיפט:

— גאָטס היכל איז אין ארץ־ישראל — אין אַלע אַנדערע לענדער פילט ער זיך נישט באַקוועם...

— אויך דאָ איז דער קוואַל פון יידישער רעליגיע אַ קלאָרער און וואַ־רעמער — האָט ריטשאַרד זיך אַקעגנגעשטעלט.

— דער מקור פון יידישקייט איז אין ישראל. איך ראָט דיר זאָלסט פאָרן קיין ירושלים.

אברהם איז געווען אַ ווילדער קעגנער פון דער רעפאָרם־שול, פון דעם צוגאַנג צו באַנוצן זיך מיט דער רעליגיעזער צערעמאָניע אויף אַ קריסטלעכן שטייגער. דאָס פאָרן שבת אין שול אַריין דאַווענען האָט ער געהאַלטן פאַר גראָבער פראָפאַנאַציע. ריטשאַרד האָט אים אויפגעקלערט:

— ווען מ׳זאָל אָנהאַלטן אַ שטרענגע דיסציפּלין, וועלן מיר פאַרלירן דעם עיקר — דעם מתפלל אינעם מקום־קדוש, און במילא — די יידישע תפילה.

— וועגן די ענינים וועל איך מיט דיר ריידן, ווען דו וועסט צוריקקומען פון ישראל — האָט אברהם זיך האַסטיק געזעגנט.

נאָענט פאַר די וואַקאַציעס האָט ריטשאַרד דערפילט, אַז די סביבה שטיקט אים אַ ביסל. ער איז אַוועק צו די עלטערן און זיי געזאָגט, אַז ער וויל פאָרן

קיין ישראל. אויף קיין אָפּזאָג האָט ער נישט אָנגעטראָפֿן. ס'איז נאָר געווען די פֿראַגע ווו ער וועט זיך קענען אויפֿהאַלטן אין ישראל. אָבער ריטשאַרד האָט שוין געהאַט אברהמס רעקאָמענדאַציע צו אַ יוגנט־גרופּע פֿון מאה־שערים און ס'האָט אים געצויגן דאָרט צו לעבן.

*

אַז ריטשאַרד איז צוריקגעקומען פֿון ירושלים, האָט אים די גרויסע שול אויסגעזען אין גאַנצן פֿרעמד. פֿון דעם קונסט־ווערק „הסנה בוער באש", וואָס שטייט פֿאַרן עמוד און וועלכן ער האָט ליב געהאַט, האָט ער זיך אָפּ־געטרייסלט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, און קיין איין לשון־קודש־וואָרט האָט ער אויפֿן ארון־קודש נישט געזען. נישטאָ די צוויי טראַדיציאָנעלע לייבן מיט אָפֿענע פּיסקעס, וואָס שטייען איבערן ארון־קודש, אָדער זענען אויס־געהאַפֿטן מיט גאָלד אויפֿן פּרוכת, אַפֿילו נישט די עשרת הדברות, ווי ער האָט דאָס געזען אין ירושלים — ממש נישטאָ קיין איין העברעיִש וואָרט! ס'האָט אים אַ צי געטאָן ביים האַרצן, ווען ער האָט פֿאַרגליכן דעם גרויסן שול־פּאַלאַץ מיטן קליינעם שילעכל אין ירושלים.— ווי אַזוי קאָן דאָס זיין, אַז אין אַ פּרוכת זאָל נישט זיין אויסגעוועבט קיין איין לשון־קודש־אות? — האָט ער זיך נישט געקאָנט באַרויִקן.

אָבער נישט דער בנין פֿון דער שול איז געווען דער עיקר. ריטשאַרדן האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז די אויסטייטשונג פֿון דער געטלעכקייט קומט דאָ פֿאָר אויף אַ נישט־ריכטיקן אופֿן. זיינע שמועסן מיט חברים האָבן זיך גע־ענדערט. ער האָט אַ סך גערעדט וועגן אַלמעכטיקייט, וועגן בריאת העולם. מ'האָט געקענט באַמערקן, אַז עפּעס איז מיט דעם ייִנגל געשען, אַז עס וואַרפֿט זיך אין אים אַ מוראדיקע אומרויִקייט. ער מישט אויס פֿאַרשידענע זאַכן צוזאַמען; אָט רעדט ער וועגן רעליגיע און גייט גלייך איבער צום קענעדי־מאָרד. אָט רעדט ער וועגן תּפֿילה, און באַלד קאָכט ער אויף מיט נקמה. קעגן וועמען? ער ווייסט אַליין נישט. ער ווייסט נאָר, אַז אויך נקמה איז הייליק. אַז אויך אין אַ נקמה־אַקט ליגט קדושה, און טייל מאָל אַפֿילו קידוש השם. ער האָט זיך פֿאַרשלאָסן, געבליבן מיט זיך גאַנצע טעג אַליין, מיט קיינעם נישט גערעדט.

זיינע עלטערן האָבן דאָס באַמערקט, און די איינציקע עצה, וואָס איז



ראַסקין ארון־קודש

געווען — נעמען דאָס ייִנגל צו אַ פּסיכיאַטאָר. דער דאָקטער האָט נישט אויסגעשלאָסן קיין פּאַטאָלאָגישע ענדערונגען אין זיין מוח, אָבער ער האָט אויך נישט געקענט אַריינגיין אין דער טיפקייט, וואָס אַזוינס עס איז געשען. דער איינציקער ענטפער: „דאָס ייִנגל איז אַ גאון, און גאונות גרענעצט זיך מיט משוגעת". קיין שום אויסטערלישקייט האָט מען ביי אים סיי ווי נישט באַמערקט. ער האָט זיך נישט פאַרוואַנדלט נישט אין קיין שיכור און נישט אין אַ לייכטזיניקן. דאָס אַליין, וואָס דער פּסיכיאַטאָר האָט געזאָגט, אַז ער זעט נישט איין מ׳זאָל דאַרפן אָננעמען ספּעציעלע מעדיצינישע מיטלען, האָט באַרויִקט די עלטערן, באַרויִקט די סביבה, און ער אַליין איז געבליבן אינעם זעלבן מעמד — אַ ייִנגל אַ גאון!

ווי נאָר ראַביי אַדלער האָט זיך דערוווּסט, אַז ריטשאַרד האָט פאַרבראַכט אין אַ סאַנאַטאָריע פאַר גייסטיק קראַנקע, האָט ער זיך שטאַרק איבערגענומען מיטן גורל פון ייִנגל. ער האָט אים עפּטער געזען און מיט לאַנגע שמועסן וואָס ער האָט מיט אים געפירט, האָט ער זיך באַמיט אים אַרויסצונעמען פון דעם תהום, אין וועלכן ער איז אַריינגעפאַלן. שפּעטער איז ער אַוועק צו זיינע אוניווערסיטעטס־פּראָפעסאָרן און געוואָלט הערן זייער מיינונג וועגן תלמיד.

דער פּראָפעסאָר פון געשיכטע האָט געזאָגט:

— ער איז אַן עקסטרעמער אינטעלעקטואַל מיט אַן אָריגינעלער ליניע פון איינפאַלן און באַטראַכטונגען.

אַ צווייטער פּראָפעסאָר האָט אים כאַראַקטעריזירט:

— ער האָט אַ שטאַרקן חוש פאַר פילאָזאָפישע אמתן, ספּעציעל פאַר נאַטור־געזעצן. אין זיין גאונישקייט אָנערקענט ער, אַז עס זענען נישטאָ קיין תשובות אויף אַ סך פילאָזאָפישע פראַגן.

דער פּראָפעסאָר פאַר פּאָליטישע וויסנשאַפטן האָט זיך אַזוי אויסגעדריקט:

— כ׳האָב קיין מאָל נישט געקענט קיין סטודענט, וואָס זאָל זיין מער ערנסט צו די לימודים און מיט אַ שטאַרקערן ווילן צו דערגרייכן דאָס מאַקסימאַלסטע וואָס די לימודים פאָדערן. ער איז באַגאַבט מיט פעיִקייטן אין אַזאַ מאָס, וואָס ס׳איז נישטאָ קיין העכערס פון דעם!

ראַביי אַדלער האָט אַלץ אויסגעהערט, און כאָטש ער האָט געהאַט אַ גרונט צו זיין צופרידן פון די מיינונגען, איז ער אָבער אַלץ געווען שטאַרק באַ־

זאָרגט וועגן גורל פון יינגל. פון די שמועסן מיט אים האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ריטשאַרד באַהאַלט עפּעס פון אים, און ער האָט געפילט, אַז די שוואַרצע פעדעמלעך, וואָס האָבן זיך איינגעוועבט אין זיין מוח, וועט שווער זיין צו נאַרמאַליזירן, צוריקצוברענגען צו דער קאָנטראָל פון קלאָרן געדאַנק.

## דער מאָרד פון קענעדי אין ריטשאַרדס מוח

אויף קיינעם פון דער יוגנט פון דער גרויסער שטאָט האָט אַזוי נישט געווירקט דער מאָרד אויפן פּרעזידענט קענעדי, ווי אויף ריטשאַרדן. ריטשאַרד האָט אין אָנהייב געלייענט אַלץ, וואָס ס׳איז געווען פאַרבונדן מיטן קענעדי־מאָרד. שעהען־לאַנג פלעגט ער אָנקוקן די בילדער פון צייטונגען און זשורנאַלן, און אַממיינסטן ביי נאַכט. דערנאָך האָט דער מאָרד געשוועבט פאַר זיינע אויגן, ווי ער וואָלט דערביי געווען. אַ מאָל איז ער געשטאַנען ביי דער זייט פון דער לאַנגער ביקס, מיט וועלכער דער מערדער האָט פון דער הייך געצילט אין פּרעזידענטס קאָפּ — און אַ מאָל האָט זיך אים אויסגעוויזן, ווי ער איז אַליין מיטגעפאָרן אינעם אָפענעם אויטאָ און געזעסן ביי דער זייט פון דער שיינער דזשאַקלין... טייל מאָל האָט ער זיך אַליין געמאַכט פאָרווורפן, פאַר וואָס ער האָט נישט דעם מערדער אַ שטופּ געטאָן, ער זאָל אַראָפּפאַלן פון פערטן שטאָק, און אַזוי אַרום וואָלט ער געווען אויסגעמיטן אומצוברענגען אַ מענטשן, וואָס ער האָט ליב. אַ סך פעדעם האָבן אים מיט זיין פּרעזידענט פאַרבונדן. ער האָט ליב געהאַט זיין יוגנט, זיין דרייסטקייט, זיין מוט אַלס סאָלדאַט און זיין חכמה אַלס דיפּלאָמאַט. ער איז אים דאַנקבאַר געווען פאַר אויפשטעלן די „שלום־אַרמיי״, און ווען דער פּרעזידענט האָט די אַרמיי פונאַנדערגעלאָזט, האָט ריטשאַרד געפילט באַדויער. ער האָט געוואָלט ווירקן, אַז די דאָזיקע שלום־אַרמיי זאָל צוריק צונויפגערופן ווערן. אין געדאַנק האָט ער דיקטירט אַ סך בריוו צו קענעדי און אים געפּרוווט איבערצייגן, ווי נייטיק ס׳איז אַ שלום־אַרמיי און ווי ער האָט אים וויי געטאָן מיטן אויפלייזן זי. נאָך דעם ווי דעם פּרעזידענטס לעבן איז אויסגעלאָשן געוואָרן, האָט דעם פּלאַץ פון די דאָזיקע געדאַנקען פאַרנומען אַ שטיק פוסטקייט. די פוסטקייט איז געווען אַזוי שווער און פאַרגליווערט, אַז ער האָט שעהען־לאַנג זיך נישט געקאָנט באַוועגן, איז

געבליבן שטעקן אַן געדאַנק און אַן ווילן. אויפגעוועקט האָט ער זיך ערשט, ווען ער איז ווידער געווען אין דאַלאַס און זיך געטראָפן מיט קענעדיס מערדער.

אין יענער צייט האָט זיך ריטשאַרד אַמבעסטן געפילט ווען די חלומות זענען אים באַפאַלן. אַ האַלבן טאָג האָט ער אַדורכגעמאַכט אויפן אוניווער־סיטעט, מיטן צווייטן האַלבן האָט ער זיך קוים געקענט אַן עצה געבן, ביז די נאַכט איז צוגעפאַלן און ער האָט ווידער געקאָנט זיך קריגן פנים אל פנים מיטן הפקר־יונג פון דאלאס.

אין די לעצטע טעג איז פאָרגעקומען אַ וועזנטלעכע ענדערונג אין זיין איינשטעלונג. ווען ער האָט אָנגעהויבן שמועסן מיט קענעדיס מערדער, האָט ער גלייך צו אים געפילט אַן עקל, הן צוליב דעם, וואָס ער איז געווען אַ פריידענקער און הן צוליב דעם, וואָס ער האָט פאַר דער צייט אויסגע־לאָשן דאָס לעבן פון אַ געניאַלן מענטשן. אָבער ווי אַ טיפּישער אַמעריקאַנער, האָט ער אים — אין די חלומות — געלאָזט קומען צום וואָרט און אים אויס־געהערט. און וואָס מער דער טויטער מערדער האָט צו אים גערעדט, אַלץ מער האָט ער זיך געגעבן די מי אַריינצוגיין אין זיינע נשמה־ראַנגלענישן. ריטשאַרד האָט געהערט צו די נאַטורן, אַז אַלץ וואָס ס׳איז אַדורכגעגאַנגען דורך זיין געדאַנק איז נישט פאַרשוווּנדן, נאָר זיך אָפּגעלייגט אין זיין אונ־טערבאַוווסטזיין. וואָס אַ מאָל האָט דער קענעדי־מאָרד זיך מער אַריינגעריסן אויך אין זיין ענערגיע, אין זיין בלוט, אין זיינע נערוון. ער האָט געלערנט, זיך אַרומגעדרייט, אָבער גאַנצע טעג איז ער געווען פאַרנומען מיט איין איינציקן ענין — מיט דעם מערדער. ער איז געוואָרן זיין חבר, ער האָט זיך מיט אים אַרומגעפירט. ער האָט מיט אים געפירט לאַנגע שמועסן, און צום סוף האָט ער איינגעזען, אַז דעם מאַן פון דאַלאַס האָט מען געקאָנט אָפּראַטעווען, נאָר די עגאָיסטישע געזעלשאַפט, אין וועלכער ער האָט גע־לעבט, די געזעלשאַפט, וואָס טראַכט נאָר וועגן אייגענעם גוטס, האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט. דער מערדער האָט אים אויך דערציילט, אַז ער האָט ליב געהאַט קענעדין, אַז ער איז געווען שטאָלץ מיט אים — פונקט ווי יענער געליבטער, וועלכער האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט זיין געליבטע, און צוליב אַ פאַרדאַכט, אַז זי האָט צו וועמען אַ שמייכל געטאָן, אָדער אָפּגע־קערט אין געדאַנק פון דער געטריישאַפט — האָט ער זי דערשאָסן.

אין אָנהייב האָט ריטשאַרדן געעקלט, ווען ער האָט דערהערט זיינע רייד, זיין סיבה צום מאָרד. אָבער „דער מאַן פון דאַלאַס" האָט אים שוין מער נישט אָפּגעלאָזט און נאַכט־איין, נאַכט־אויס אין אים אַריינגערעדט, ביז דאָס יינגל האָט אים אָנגעהויבן מיטפילן. ריטשאַרד איז ביי זיך געווען זיכער, אַז ער איז דער איינציקער, וועמען דער מאַן פון דאלאס האָט אָנפאַרטרויט זיין סוד און ער האָט אים געלאָזט פריי ריידן:

— אַלע פאַרראַטן מיך — האָט דער רוצח צו אים געטענהט. איך האָב אַפילו נישט באַוויזן אַ וואָרט אַרויסצוריידן, און שוין האָט אַ גראָבער נפש, אַ יונג פון דער אונטערוועלט זיך אַריינגעמישט און אַריינגערוקט מיר עטלעכע קוילן אין בויך. אָבער צי וועט דער דאָזיקער גראָבער נפש מיך קענען פאַרשטיין, אָדער אפילו ווען אויסהערן? צי וועט ער גלייבן, צי וועט די וועלט גלייבן, אַז איך האָב גאָר ליב געהאַט קענעדי? האַ, ריטשאַרד? ווי וואָלסטו דאָס אָנגערופן מיט דיין אַקאַדעמישן לשון — „דאָס אומגלויביקסטע פון גלויבן"... ריכטיק? גלייב מיר ריטשאַרד, אַז איך האָב אַליין נישט געוווסט, וואָס איך גיי אָפּטאָן. עפּעס אַ מין יאָגעניש, אַן אומבאַגרייפלעכער כוח האָט מיך געיאָגט צו קויפן די לאַנגע ביקס מיט דער איינמאָנטירטער לאָרנעטע. איך האָב אַ סך מאָל די ביקס אויספּרובירט און יעדער שאָס — האָט זיך מיר אויסגעדאַכט — טרעפט אין מיין אייגענעם האַרץ. ווייל געפילט האָב איך דאָך, אַז איך שיס צו מיין געליבטע... צו קענעדי...

ריטשאַרד האָט געפילט, אַז ער קאָן זיך נישט פון דעם שאָטן באַפרייען, און אַפילו זיך דאָס נישט אויסטייטשן. עס האָט אים געצויגן צו דער דאָזיקער זאַך. און דאָ איז ער איין מאָל אַדורכגעגאַנגען פאַר דער סינאַגאָגע און פונקט איז אים אַקעגנגעקומען דער ראַביי.

— וואָס מאַכסטו ריטשאַרד? ווי גייט עס דיר? ווי האַלטסטו מיט די לימודים? — האָט אים ראַביי אַדלער וואַרעם באַגריסט.

— אַ דאַנק, אַ דאַנק, ראַביי! — האָט ער טרוקן און קאַלט אָפּגעענטפערט — איך לעב מיט מיינע מחשבות...

ווען ראַביי אַדלער איז אַוועק, האָט ער זיך אויסגעדרייט און אים נאָכגעקוקט. אין דעם מאָמענט האָט ביים סטודענט אַ בליץ געטאָן אין מוח:

— „דאָס איז דאָך דער איינציקער, וועמען כ'קאָן אויסוויילן"...

דאָס ווילדע געוויקס, וואָס האָט זיך צעוואַקסן אין זיין מוח, האָט

אָנגעגריפן נייע קעמערלעך, זיי פאַרנומען און געמאַכט אונטערטעניק. די קעמערלעך זענען זיך פונאַנדערגעוואַקסן, און די טענות וואָס ער האָט געהאַט צום ראַביי האָבן אָנגענומען ווילדע פאָרמען, ביז איין מאָל ביי נאַכט האָט ער זיך אַזש אויפגעכאַפּט, אַראָפּגעשפּרינגען פון געלעגער און געשריגן צו זיך אַליין:

— דאָס איז מיין קענעדי! דאָס איז ער!...

ער האָט זיך געאַמפּערט מיט דעם געדאַנק, אָבער וואָס לענגער דאָס האָט געדויערט, אַלץ מער איז ריטשאַרד פון אים באַהערשט געוואָרן. ער האָט שוין מער איבער דער ווילדקייט קיין שליטה נישט געהאַט.

יענע נאַכט, פרייטאָג ביי נאַכט, האָט ער זיך דערזען דערהויבן מיט דעם, צו וואָס ער האָט זיך געגרייט. זיין פאַרוווּנדעטע נשמה האָט זיך געוואָרפן אַהין און צוריק, אָבער זי האָט זיך שוין געוויגט אָן אַ קאָנטראָל פון ניכטערן געדאַנק. ער איז מער נישט געווען פעיִק זיך פאָרצושטעלן, וואָס פון דעם וועט אַרויסקומען. קיין שום אינערלעכער כּוח האָט שוין אים נישט געקאָנט אָפּהאַלטן. ער האָט אַריינגעשטעקט דעם רעוואָלווער אין טאַש און געלאָפן אין שול אַריין. געלאָפן איז ער, געיאָגט פון אַן אינערלעכן ווינט. דאָרט, אין דער שול, וועט ער זיך פאַראייניקן מיט זיין ראַביי, מיט זיין קענעדי... און צוזאַמען מיט אים אַנטלויפן פון דער שול, פון דער געזעלשאַפט, אַנט־לויפן אין דער אייביקייט אַריין...

## דער לייב אין זיין הייל

אויף קיין שום אָרט און אויף קיין שום פּלאַץ האָט זיך ראַביי אַדלער נישט געפילט אַזוי גוט ווי אויף דער בינע, בשעת ער האָט געפּריידיקט פאַרן עולם. נישט אַלע זענען געקומען דאַווענען אין דער גרויסער שול אַריין. די גרעסטע צאָל איז געקומען הערן די דרשות פון ראַביי. זיין צונג איז אַלע מאָל געווען אַ פילאָזאָפישער, און זיינע אויסטייטשונגען פון דער תּורה זענען געווען צוגעפּאַסט צום גייסט פון דער צייט. ער האָט קיין מאָל נישט אָנגעוואָרפן פליכטן און צוימען. אין זיינע דרשות פלעגט ער פאַר־פלעכטן נישט בלויז אַ פּסוק פון דער תּורה, נאָר אויך פּאָליטישע און היס־טאָרישע געשעענישן.

גראַד דעם שבת פון פרשת יתרו האָט ער גערעדט וועגן פרעזידענט לינקאָלנס געבוירן־טאָג. דאָס מאָל האָט ער גערעדט וועגן דעם באַרימטן פרעזידענט מיט באַגייסטערונג. ער האָט דערציילט עפּיזאָדן פון יענער צייט, אַז אַ שטיק אַמעריקאַנער געשיכטע איז אויפגעשווומען און דער עולם איז געזעסן פאַרגאַפט, הערנדיק. ער האָט באַטאָנט, אַז לינקאָלן איז געפאַלן נישט דורך קיין פּאָליטישן קעגנער, און ווען ער האָט געזאָגט „לינקאָלן איז גע־פאַלן אַ קרבן פון איינעם וואָס איז געווען אַ טשודאַק" — איז פּלוצעם אַרויפ־געשפּרונגען אויף דער בינע אַ טונקל־בלאָנדער, דינער בחור. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט מיט אַ ווילדן צאָרן. ער איז באַפאַלן דעם ראַביי מיט גרויס כעס און געשריגן אויפן קול:

— די שול איז אַ מין צביעות און דער ראַביי — אַ פאַרשווועכער פון דער יידישער רעליגיע!

דער יונגער־מאַן האָט גערעדט אין אַן ענגליש, ווי עס ריידן אַקאַדעמיקער. זיינע אויגן האָבן געבליצט, און ווען ער האָט זיך דערנענטערט צום ראַביי, איז נישט מער געווען די מחיצה פון דרך־ארץ צווישן רבי און תלמיד.

דער ראַביי איז געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער. זיין האַרץ האָט גע־נומען קלאַפּן און אָנגעזאָגט שלעכטס, אָבער ער האָט זיך נישט פאַרלוירן. אין אָנהייב האָט ער געמיינט, אַז דער תלמיד איז בלויז געקומען זיך מיט אים קריגן, עפּנטלעך און ברוטאַל דעמאָנסטרירן. אָבער קריגן זיך ווען ער האַלט די דרשה? — אַזאַ פאַל איז נאָך אין זיין קאַריערע נישט געשען. אין דעם מאָמענט האָט ער דערזען אין ריטשאַרדס האַנט אַן אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער. דאָס ערשטע וואָס דער ראַביי האָט אין זינען געהאַט, איז געווען דאָס בר־מצווה־יינגל וואָס איז לעבן אים געשטאַנען. ער האָט אַרויפ־געלייגט די האַנט אויף זיין קעפּל און אים פאַרשטעלט מיט זיין גוף. באַלד האָט ער שטיל אַ זאָג געטאָן:

— פראַנק, גיי אַראָפּ פון דער בינע!

דערנאָך האָט ער אויך געגעבן אַ צייכן צום גבאי פון דער שול, ער זאָל אַראָפּגיין. איצט איז ער געוואָרן אַ ביסל רויִקער...

ריטשאַרד האָט אַלץ געהאַלטן אין איין ריידן און שרייען:

— אייערע אינטערפּרעטאַציעס וועגן גאָט און געטלעכקייט זענען פאַלשע!

אייער דערנענטערונג צום קריסטנטום מאַכט אייך אַליין פּאַר אַ כּופר אין יידישן גאָט און אין יידישער רעליגיע...

ראַביי אַדלער האָט אַפילו מער נישט געהערט וואָס ער רעדט. ער האָט פאַרשטאַנען אַז מיט דעם יונגן־מאַן האָט פּאַסירט אַן אומגליק. אַ טיפע גרימאַסע, וואָס האָט זיך אויסגעלייגט אויף זיין פּנים, האָט אויסגעדריקט מיטלייד. ער האָט זיך דערנענטערט צו אים און ער איז געבליבן שטיין פּאַר אים פּנים אל פּנים, זיינע אויגן זענען פּלוצעם שטאַר געוואָרן. ער האָט אַריינגעקוקט אין שוואַרצן רערל פון רעוואָלווער, און עפּעס אַ מאָדנער געדאַנק האָט אין אים אַ בליץ געטאָן: „איז דאָס דער סוף?"...

אין דער שול האָט נאָך אַלץ געהערשט אַ טויטע שטילקייט. דער ראַביי האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי קומט דאָס, אַז קיינער מישט זיך נישט אַריין, לאָזט נישט הערן זיין שטימע?... אָבער געוווּסט האָט ער, אַז אויך קיינער קאָן אויף דעם יונגן־מאַן קיין השפּעה נישט האָבן, אַחוץ, אפשר זיין רבי, זיין דערציער. ער האָט געוואָלט צו אים צוגיין און אים אַרויסנעמען דעם אויסגעשטרעקטן רעוואָלווער פון דער האַנט, אָבער דער סטודענט האָט אַלץ געלעסטערט מיט שאַרפע רייד:

— איר האָט מיך דערפירט צו דעם, אַז איך שעם זיך צו זאָגן, אַז כ'בין אַ ייד. דאָ זיצן מענער, פרויען און קינדער, ווען עס גייט מער נישט אָן, נאָר זייער אייגענע קאַריערע. זייער אייגן גוטס און די אייגנליבע, וואָס זיי האָבן צו זיך אַליין.

— אַפּיקורסות זענען אַלע אייערע רייד! אַפּיקורסות פירט איר אַריין אין יידנטום. נישטאָ קיין צעטיילונג ביי געטלעכקייט, נישטאָ קיין צעטיילונג ביים אָנהאַלטן די יידישע רעליגיע, משהס תּורה. דער מגן־דוד און דער צלם קענען נישט צוזאַמען פאַרפלאָכטן ווערן אין איין תּפילה צום רבונו של עולם! אַלץ, וואָס איר פּרעדיקט אויף דער בינע איז פאַלש!

דער ראַביי האָט פון זיך קיין איין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען. און אפשר — האָט ער געטראַכט — ווערטער וועלן אים נאָך מער צערייצן. זיין קערפּער האָט זיך אויסגעגלייכט און זיין געשטאַלט איז ווי געוואָרן העכער. ער האָט געוואָלט דעם וואַנזיניקן באַשיצן פון אַ שרעקלעכן טאַט, ער האָט געוואָלט איידל און עלאַסטיש אים אַרויסנעמען דעם רעוואָלווער פון האַנט.

אָבער אין דעם מאָמענט האָט עפּעס אַ בליץ געטאָן פאַר זיינע אויגן. אין דער שול האָט אָפּגעקלונגען אַ קראַך פון אַ רעוואָלווער. ראַביי אַדלער האָט דערפילט אַ ווייטיק אין אָרעם. ער האָט געזען ווי דער טלית באַפאַרבט זיך מיט רויט, אָבער ער איז נאָך געווען ביים פולן באַוווסטזיין. ערשט ווען דער רוצח איז צו אים גאָר נאָענט צוגעגאַנגען און ס׳האָט ווידער אָפּגע־הילכט אַ שאָס — האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני.

די קנאַלן פון די שאָסן האָבן ריטשאַרדן אויפגעוועקט פון זיין וואַנזין. אין ערשטן מאָמענט האָט ער זיך אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט וועלן פרעגן, וואָס ס׳איז דאָ פאָרגעקומען. ווער האָט דאָס געוואַגט צו מאַכן קבֿיען זיין רבי פאַר זיינע פיס? אָבער באַלד האָט ער דערזען, ווי פון ר׳ערל פון רע־וואָלווער, וואָס אין זיין האַנט, רייכערט אַ קניילעכל טונקעלער רויך. אויף דער בינע — זעט ריטשאַרד — איז קיינער נישטאָ, אַחוץ ער — אַ לעבע־דיקער, און זיין רבי — אַ גוססדיקער. עס האָט אים אַ ריס געטאָן און ער האָט געוואָלט זיך וואַרפן צו אים און ראַטעווען. אַ רגע איז ער שטיין געבליבן און נישט געוווסט וואָס צו טאָן, אָבער ווען ער האָט דערזען ווי דעם ראַבייס אויגן מאַכן זיך צו מיט אַ טויטלעכער ווייסקייט — איז דער קלאָרער געדאַנק צו אים צוריקגעקומען. ער האָט אַ דריי אויס געטאָן דאָס ר׳ערל פון רעוואָלווער צו זיין רעכטער שלייף און מיטן גאַנצן כּוח אַ דריק געטאָן אויפן צינגל.

רבי און תּלמיד זענען געבליבן ליגן איינער נעבן דעם אַנדערן און זייער בלוט איז גערונען צום ארון־קודש.

# אַ פליכטלינג פון פּאַריז

איך פלעג זי אָפט טרעפן אין פּאַרק, וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון מיין הויז, און שטענדיק אין דער זעלבער צייט. מיט איר אויסזען האָט זי צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט: אַ קליינינקע, איינגעדאַרטע, אָנגעטאָן אין שוואַרצן, מיט אַ לאַנגן שוואַרצן שלייער אויפן פּנים, האָט זי מיר דערמאָנט אָן יענע מוטערס, וואָס טרויערן נאָך זייערע אומגעקומענע זין אין דער מלחמה. זי פלעגט זיצן שטיל אויף אַ באַנק, זיך שפּילן מיט דער לאַנגער שנור שוואַרצע קאָרעלן, וועלכע האָבן אַרומגענומען איר צעקנייטשטן האַלדז און זיך צעלייגט אויף דער איינגעפאַלענער ברוסט. זי פלעגט זיצן איינזאַם, קוקן ערגעץ אין דער ווייט, און ווי קיינעם נישט זען אַרום זיך.

אימיצער האָט מיר דערציילט, אַז די אַלטיטשקע איז אַ קריסטין, אַ פליכט־לינג פון פּאַריז. זי האָט אין דער שטאָט נאָענטע קרובים און איר איז, ווי דורך אַ נס, געלונגען צו קומען אין אַמעריקע. מיר האָט זיך זייער געוואָלט באַקענען מיט איר, נאָר איך האָב אַ ביסל מורא געהאַט, ווייל מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז די פרוי איז אפשר גייסטיק נישט נאָרמאַל. אָבער איין מאָל האָב איך געזען איר פּנים הינטערן שלייער — און דער פאַרדאַכט איז אַריבער. אַ שטיל פאַרטרויערט פּנים, מיט פאַרוויינטע אויגן, וואָס האָבן אַ סך געזען און אַ סך טרערן פאַרגאָסן. אָבער איך האָב אַלץ נישט געהאַט דעם מוט צו פאַרפירן מיט איר אַ שמועס.

און אָט איז געקומען די געלעגנהייט. דאָס איז געווען דורך אַ מער־ווירדיקן צופאַל. אַ מיידל האָט געפירט אין פּאַרק אַ וועגעלע, אין וועלכן ס׳איז געלעגן אַ קליין קינד. פּלוצעם איז פון וועגעלע אַראָפּגעפאַלן אַ רעדל און זיך גענומען קייקלען אין דער ריכטונג, וווּ די אַלטיטשקע איז געזעסן, אין גאַנצן אַריינגעטאָן אין זיך. דאָס רעדל האָט זיך דערקייקלט צו אירע פיס. די אַלטיטשקע האָט אויפגעציטערט, זיך אויפגעהויבן, גענומען דאָס

רעדל אין האַנט און געוואָלט העלפן דעם מיידל פאַרריכטן דאָס וועגעלע. אירע דאַרע, זייער ווייסע, איידעלע הענט, מיט די לאַנגע עטוואָס פאַר־בויגענע פינגער, האָבן טראָץ אירע באַמיִונגען קיין נוצן נישט געבראַכט. דאָס מיידל האָט באַדאַרפט האַלטן אויף די הענט דאָס קינד, וואָס האָט זיך צעוויינט. איך בין צוגעגאַנגען און פאַרגעלייגט מיין הילף. די אַלטיטשקע האָט אַ ליבן שמייכל געטאָן און געזאָגט אין אַ געבראָכענעם ענגליש:

— גאָט האָט אייך צוגעשיקט — און גלייך צוגעגעבן: — ווער דען קען אונדז העלפן?! גאָט האָט אונדז פאַרלאָזט, ווייל מיר האָבן נישט אָפּגעהיט זיין געבאָט. מיר האָבן אַ סך געזינדיקט. די מענער האָט מען אויסגעקוילעט.

זי האָט שטיל, כמעט שעפּטשענדיק, גערעדט ווייטער און געקוקט ווי איך טו אַריין דאָס רעדל אינעם וועגעלע.

צי מיינסטו נישט, אַז גאָט נעמט אין אונדז נקמה? ניין, מיין קינד, אַזוי פיל האָבן מיר נאָך נישט געזינדיקט. זיי וועלן באַצאָלן פאַר אַלעם, די פאַרשאָלטענע דייטשן. פאַרן אומשולדיקן בלוט, וואָס זיי האָבן פאַרגאָסן, פאַרן בלוט פון אונדזערע זין און טעכטער, פאַרן בלוט פון די קליינע קינדער און אַלטע פרויען און פאַרן בלוט פון די ייִדן, וואָס זיי שעכטן אויס ווי די לעמער.

זי איז פּלוצעם אַנטשוויגן געוואָרן און געבליבן שטיין אויפן זעלבן פּלאַץ. איך האָב איר אָנגעקוקט און ווידער איז מיר דורך אַ געדאַנק, אַז די פרוי איז גייסטיק קראַנק פון די צרות, וואָס זי האָט דורכגעלעבט. דאָס מאָל האָב איך באַשלאָסן זי נישט אָפּצולאָזן און כ׳האָב זי געבעטן נישט אַוועקגיין, ווייל איך וויל מיט איר ריידן. זי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַז זי וועט וואַרטן. דערווייל האָב איך „געפיקסט” דאָס וועגעלע. דאָס מיידל מיטן קינד זענען אַוועק ווייטער איבערן פּאַרק און איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק מיט דער פראַנצויזישער אַלטיטשקע.

ניין, זי איז נישט געווען גייסטיק קראַנק, נאָר צעבראָכן פון דעם גרויסן אומגליק, וואָס איז געשען מיט דער וועלט און מיט איר פאָלק. זי האָט גערעדט און איך האָב נישט געקאָנט אַוועקגיין פון איר, ווייל מיט אַ באַ־זונדערער ליבע האָט זי דערמאָנט די ייִדן, ווי זי וואָלט אַליין געווען אַ ייִדישע טאָכטער.

איך האָב געוואָלט דערגיין פון איר וואָס מער איינצלהייטן פונעם

פּאַריזער לעבן בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע. אָבער זי האָט געצויגן דעם שוואַרצן פאָדעם פון אירע דערינערונגען און מיר נישט געענטפערט אויף מיינע פראַגעס און באַמערקונגען.

זי האָט צוגעזען שרעקלעכע מאָרדן פון די נאַציס. נאָר שרעקלעכער איז געווען צו קוקן אויף די לעבעדיקע. זי איז אַזוי דאַנקבאַר גאָט, וואָס האָט געגעבן מוט איר זון, אַז ער זאָל נעמען נקמה אין די מערדער און שטאַרבן ווי אַ שטאָלצער פראַנצויז. מען האָט אים געכאַפּט, אָבער ער האָט זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ, און זיינע לעצטע ווערטער — אַז די פראַנצויזן וועלן ווידער זיין אַ גרויס פאָלק, וואָס האָט ליב פרייהייט, ברידער־שאַפט און פרייד — וועלן מוזן מקוים ווערן.

טרערן האָבן גענומען רינען איבער אירע דאַרע באַקן, ווען זי האָט דערמאָנט איר זונס נאָמען — זשאַן. איר שטאָלצער זשאַן האָט נישט געקאָנט צוזען, ווי דאָס פרייע פּאַריז ווערט פאַרשקלאַפט. זיין אַלטן טאַטן האָבן די נאַציס פאַרשלעפּט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. ער איז געווען צו איידל און צו שוואַך איבערצוטראָגן די פּייניקונגען און איז אויף דער צווייטער וואָך געשטאָרבן הינטער די שטאַכלדראָטן. זי דאַנקט גאָט, וואָס זי האָט כאָטש געקראָגן זיין קערפּער און אים געקענט באַגראָבן נעבן איר זשאַנס קבר. איצט וועלן טאַטע און זון אייביק רוען צוזאַמען. און וואָס וועט זיין מיט איר? ווער זי נאָך קאָנען אומקערן קיין פראַנקרייך נאָך איר טויט און ליגן נעבן אירע טייערע און נאָענטע?

נאָך זשאַנס טויט האָבן די נאַציס צוגענומען איר רייכע היים און איר געגעבן אַ קליין צימערל. זי פלעגט דאָרט נישט קאָנען איינזיצן. זי איז אַרומגעגאַנגען איבער די פּאַריזער גאַסן און בולוואַרן און געקומען אַהיים בלויז אויף זיך אָפּרוען און איבערנעכטיקן.

— דערציילט מיר עפּעס, וואָס איר האָט דעמאָלט געזען אין די גאַסן און אויף די בולוואַרן — האָב איך ביי איר געבעטן.

אָבער זי האָט ווידער אָנגעהויבןריידן וועגן איר אומגעקומענעם זשאַן. ער איז געווען אַ גלויביקער און האָט ליב געהאַט צו לייענען די ביבל. ער האָט באַוווּנדערט דאָס יידישע פאָלק און דערפאַר האָט ער אַזוי געליטן פון דעם, וואָס מען ברענגט אום אַזוי פיל אומשולדיקע יידן. ער פלעגט אָפּט אָנטאָן אַ געלע לאַטע און אַזוי אַרומגיין איבער די גאַסן. דערביי פלעגט

ער שטענדיק פירן אונטערן אָרעם אַ ייִדישן פריינד. דערנאָך איז ער אַריינגעטראָטן אין דער אונטערערדישער באַוועגונג, גענומען נקמה אין די נאַציס — און איז אומגעקומען.

— יאָ, יאָ, דאָס ווייס איך שוין.

די אַלטיטשקע האָט מיך אָנגעקוקט און פּלוצעם אַ פרעג געטאָן:

— איר האָט דאָ אַ סך ייִדישע פריינד?

— געוויס. איך אַליין בין אַ ייִדישע טאָכטער.

זי האָט זיך צוגעבויגן צו מיר און שטיל אַ שעפּטשע געטאָן:

— איר זעט טאַקע אויס ווי אַ הייליקע. אייער פּנים איז בלאַס און אייערע אויגן זענען גרויסע און שוואַרצע. זיי לייכטן מיט ייִדישער גוטסקייט און צער. און אייערע גלאַטע פעך־שוואַרצע האָר! און אייער קלוגשאַפט און האַלטונג! אַך, ווי מיין זשאַן וואָלט זיך דאָס געפרייט ווען ער טרעפט אַזאַ פרוי ביים לעבן.

— נו, נו — האָב איך נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן דער אַלטיטשקער אויף אירע קאָמפּלימענטן — עס זענען אין פּאַריז געווען גענוג שיינע און גוטע ייִדישע מיידלעך און פרויען, און עס זענען נאָך איצט פאַראַן.

— דאָס איז אמת — האָט די פרוי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

אַ ווײַלע איז זי געזעסן פאַרזונקען אין אירע געדאַנקען. אין פּאַרק איז געווען פריילעך. די זון האָט געשײַנט און קינדער האָבן זיך געשפּילט אין די אַלעען. פאַרליבטע פּאַרלעך האָבן אַרומשפּאַצירט. ס'איז געווען זוניק און דער טאָג איז געשטאַנען אַ זומערדיקער, אַ וואַרעמער.

— די פרוי איז צערודערט פון צרות — האָב איך געטראַכט — און זיך אויפגעהויבן אַוועקצוגיין.

— זיצט נאָך אַ ביסל מיט מיר — האָט זי מיר אָנגעכאַפּט פאַר אַ האַנט און באַלד דערנאָך געזאָגט:

— לאָמיר גיין תפילה טאָן פאַר מיין זונס נשמה. פירט מיך אַוועק אין אַ ייִדישן געבעטהויז. איך וויל תפילה טאָן פאַרן ייִדישן גאָט. זשאַן האָט אַזוי ליב געהאַט די ביבל.

— גוט. — האָב איך געזאָגט — איך וועל נאָך אַ ווײַלע זיצן מיט אייך און דערנאָך וועלן מיר גיין. אָט דאָ נישט ווייט געפינט זיך אַ ייִדישע שול.

און פּלוצעם האָט זי אָפּגעשפּילט אַ סצענע, וואָס האָט צוגעצויגן די

אויפמערקזאַמקייט פון די מענטשן אין פּאַרק און אַ סך האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו אונדז. די אַלטיטשקע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פאַר מיר אויף די קני און אָנגעהויבן וויינען און בעטן, אַז איך זאָל איר פאַרגעבן. זי און אַלע קריסטן זענען שולדיק קעגן די ייִדן. זיי אַלע זענען שולדיק אין די שוידערלעכע פאַרברעכנס, וואָס די נאַציס זענען באַגאַנגען קעגן אונדז. זי האָט נאָך עפּעס גערעדט אין פראַנצויזיש, וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַנען.

— מאַדאַם, מאַדאַם, שטייט אויף! — האָב איך זיך ביי איר געבעטן.

די אַרומיקע האָבן געפרעגט:

— וואָס איז? וואָס איז געשען?

— וואָס האָט פּאַסירט מיט דער אַלטער פרוי?

— פאַר וואָס וויינט זי?

— איז זי אייערע אַן אייגענע?

— מאַי גאָד!

ענדלעך האָט זי זיך אויפגעהויבן, זיך אַוועקגעזעצט אויף איר פּלאַץ אויף דער באַנק און געזאָגט צו די אַרומיקע:

— ס׳איז גאָרנישט, גאָרנישט! לאָזט אונדז צו רו און גייט אַוועק.

די אַרומיקע האָבן זיך פּאַמעלעך גענומען פונאַנדערגיין. די אַלטיטשקע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און מער קיין וואָרט נישט אַרויסגערעדט. עטלעכע מינוט בין איך געזעסן מיט איר און דערנאָך שטיל און אומבאַמערקט זיך אויפגעהויבן און כ׳בין אַרויס פון פּאַרק.

שפּעטער האָט איך אַ סך געטראַכט וועגן דער אַלטער פראַנצויזקע, גערעדט מיט באַקאַנטע וועגן איר און געטראַכט זיך ווידער צו באַגעגענען מיט איר אין פּאַרק. איך וועל זי טאַקע פירן אין שול אַריין און זאָל זי תפילה טאָן פאַרן ייִדישן גאָט. אָבער די אַלטיטשקע האָב איך אין פּאַרק מער נישט געטראָפן. זי איז פאַרשוווּנדן און איך ווייס נישט ווו זי געפינט זיך.

# די מוטער

אויף זומער האָב איך פאַרבראַכט מיין וואַקאַציע אין אַ הויז פון אַ ייִדישן פּאַרמער.

די פאַרטאָגן זענען געווען קילע, פייכטע. דער טוי אויף די ווייכע גראָזן האָט שימערירט מיט פאַנטאַסטישע קאָלירן ביים ערשטן זון־אויפ־שפּראָץ, שפּעטער האָט די אלולדיקע זון צעוואָרפן אירע גינגאָלדענע שטראַלן אויף די פעלדער, ביימער־שפּיצן און דעכער. אַזוי אַ גאַנצן טאָג. ס'האָט אויסגעזען, ווי זי זאָל זיך וועלן געזעגענען מיט זיי אויף אַ לאַנגער צייט — איבערן ווינטער. די נעכט זענען געווען שטילע, פאַרטראַכטע, אויסגעשטערנטע.

פון ערגעץ אין דער נאָענט האָט פאַרבייגעריזלט אַ ריטשקע מיט אַ שטילן געמורמל, ווי מ'זאָל דיר איינרוימען אַ סוד אין אויער, אָדער ווי אַ שעפּטש פון אַ געליבטן. אין אַזעלכע נעכט איז מען געשלאָפן רו‍יק, טיף — אַנדערש ווי אין שטאָט.

לעבן פאַרם האָט זיך אומעטיק געצויגן אַ לאַנגער וועג, וואָס האָט געפירט צו דער אייזנבאַן־סטאַנציע. די געל־גאָלדענע פעלדער זענען שוין געווען נאַקעט. מ'האָט געהאַט אַראָפּגענומען די זאַנגען, און סנאָפּעס זענען געלעגן דאָ און דאָרט. איך האָב אָפט געזען ווי אַ פאַסטוך טרייבט שוואַרצע און גרויע שעפּסן צו דער פּאַשע, ווי אין די שטאַלן מעלה־גרהען קי פאַר־בענקטע נאָך דער לאָנקע; פאַרמער גייען מיט פולע קאַנען און די לופט שמעקט מיט נאַר וואָס געמאָלקענע מילך.

דאָ און דאָרט גיט אַ בלענד פאַר די אויגן אַ קאָלירטע ווייבערשע פאַטשיילע פון אַ יונגער פאַרמערקע. קינדער — ברוינע, פון דער זון אָפּגע־ברענטע, שטיפן־אַרום פריילעכע, זאָרגלאָזע. פון די פעלדער דערטראָגט זיך דער ריח פון פריש געשניטענעם היי. אַלץ איז פול מיט זאַטקייט, רו — מיט שלווה.

אָבער אין הויז ביי מיין פאַרמער איז געווען אומעטיק. די מענטשן

זענען אַרומגעגאַנגען צערודערטע, צעטומלטע — עפּעס אַן אומרו האָט זיך געטראָגן פון זיי. ס׳איז אויך געווען פּאַר וואָס: זייער איין־און־איינציקער זון, אַ יונגער סאָלדאַט, וועלכער האָט באַקומען אורלויב אויף עטלעכע טעג, כדי צו געזעגענען זיך מיט זיינע עלטערן, איידער מען שיקט אים אַוועק אויפן פראָנט, האָט זיך שוין געדאַרפט צוריקקערן צו זיין איינהייט.

ענדלעך איז געקומען דער טאָג און דער יונגער סאָלדאַט האָט זיך געזעגנט מיט זיין פאָטער, וועלכער האָט אים נישט געקאָנט באַגלייטן. דאָס געזעגענען זיך איז צוגעגאַנגען שטיל, בלויז ביים אַרויסגיין פון שטוב, האָט דער פאָטער אים אַרויסבאַגלייט מיט די ווערטער: נעם נקמה אין די דייטשן און קום, מיין זון, צוריק געזונט. ס׳איז געווען עפּעס רירנדיקס אין זיינע ווערטער.

זיין מוטער און איך זענען מיט אים געפאָרן צום וואָקזאַל. דאָרט האָבן מיר געדאַרפט וואַרטן מער ווי אַ שעה אויפן באַן. דער וואָקזאַל איז געווען איבערפּאַקט מיט יונגע מענטשן אין מיליטערישע אוניפאָרמען און צווישן זיי, דאָ און דאָרט אַ מאַן אָדער אַ פרוי אין ציווילע קליידער. ס׳איז געווען טומלדיק אַרום און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז אַלע ריידן מיט אַ מאָל. די לופט איז געווען אַ נערוועזע, אַ געשפּאַנטע. פון כמעט אַלעמענס אויגן האָט מען אַרויסגעלייענט בענקשאַפט און האָפענונג.

ענדלעך האָט מען געגומען אַריינלאָזן אין צוג. די מוטער האָט געוואָלט אַריינגיין מיט איר זון אין וואַגאָן אַריין און זיך געבעטן ביים קאָנדוקטאָר ער זאָל איר דערלויבן צו פאַרברענגען מיט איר זון די לעצטע מינוטן. ער איז געקומען אַזש פון קאַליפאָרניע צו זיין מיט זיינע עלטערן אַ קורצע צייט איידער ער גייט אַוועק אויפן פראָנט. אַזוי ווייט, אַזוי ווייט... און ער פאָרט קעמפן פאַר פרייהייט... ווער ווייסט אין וואָס פאַראַ געפאַרן ער וועט זיין; און ער איז ביי איר אַן איין־און־איינציקער. ווער ווייסט צי זי וועט אים נאָך זען אַ מאָל.

דער קאָנדוקטאָר, אַ הויכער, דיקער, פלעגמאַטישער מאַן, מיט גרווילעכע, אַ ביסל אַרונטערגעלאָזענע וואָנצעס, האָט זיך נישט געוואָלט צוהערן צו דער מוטערס רייד.

אין אָנהייב האָט זי גערעדט מיט שטאָלץ, ווייל זי איז נישט געווינט

געווען צו בעטן. דאָס איז קעגן איר נאַטור, אָבער אַז ס׳האָט נישט געפּועלט, האָט זי גענומען ריידן צו אים ווייך:

— ווייסטו דען נישט וואָס עס טוט זיך אין אייראָפּע? ווייסטו נישט אַז...

זי האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן דעם זאַץ ווי ער האָט אַ האַסטיקן בליק געוואָרפן אין איר זייט און — ווייזט־אויס, אַז דאָס מענטשלעכע האַרץ האָט ביי אים אַ צאַפּל געטאָן. ער האָט איר דערלויבט.

דער מוטערס אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן מיט דאַנקבאַרקייט און גענומען זוכן איר זון, וועלכער איז שוין געווען אויסגעמישט מיט פיל אַנדערע יונגע מענטשן אין זעלבערישע קליידער. אָבער אָט האָט זי אים דערזען און איז צוגעלאָפן צו אים. ס׳איז נאָך פאַרבליבן פינף מינוט צום אָפּגיין פון צוג און די מוטער איז מיט איר צוואַנציק יאָריקן זון געשטאַנען ביים אַריינגאַנג פון וואַגאָן. זי האָט אים געהאַלטן אַרומגענומען, עפּעס גערעדט און אים נישט געוואָלט אָפּלאָזן.

נאָר אָט האָט שוין דער סאָלדאַט געמוזט אַריינגיין אין באַן. די מוטער האָט זיך פּלוצעם אויסגעגלייכט, די טרערן פון אירע אויגן זענען מיט אַ מאָל ווי אויסגעטריקנט געוואָרן. זי האָט אים דערלאַנגט די האַנט און מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ גערעדט צו אים פייערלעך:

— מיין זון, הער וואָס דיין מוטער וועט דיר איצט זאָגן: זאָלסט זיין בראַוו, קעמפן העלדיש און נעמען נקמה אין די נאַציס פאַר דיין פאָלק, פאַר די מיליאָנען אומשולדיקע מענער, פרויען און קינדער, וואָס זיי האָבן אומגעבראַכט מיט די שוידערלעכע טויטן. מיין זון, מיין זון!...

דער זון איז איר געפאַלן אויפן האַלדז, נאָר דער קאָנדוקטאָר האָט אים אָפּגעריסן פון איר, ווייל די באַן האָט שוין גענומען רירן פון אָרט.

די פאַרמערקע האָט נאָכגעקוקט די באַן ווי אַ פאַרגליווערטע. איך האָב זיך איינגעקוקט אין איר. איר קליין געזיכט, מיטן עטוואָס פאַרריסענעם נעזל, איז געווען שרעקלעך פאַרטרויערט און איר דיקלעכע ליפן האָבן זיך קאָנוווּלסיוו באַוועגט. דער צוג איז שוין פון לאַנג פאַרשווונדן פון אירע אויגן, נאָר זי איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף איין אָרט כמעט אומבאַוועגלעך. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אָט, אָט, וועט זי אַ פאַל־טאָן צו דער ערד און ווערן צעטראָטן פון די אַרומיקע מענטשן.

איך בין צוגעגאַנגען צו איר, אָנגענומען פאַר אַ האַנט און געוואָלט איר טרייסטן. זי האָט אַ צאַפּל געטאָן און ווי פאַרשעמט זיך אַנטשולדיקט. זי האָט שטיל אַרויסגערעדט:

— שווער צו זיין בראַוו אין אַזוינע מינוטן. ער איז דאָך ביי מיר אַן איין־און־איינציקער, און אַזאַ ליבער איז ער, אַזאַ געראָטענער, אַ זון און אַ חבר איז ער מיר געווען.

— ער וועט קומען צוריק פון דער מלחמה — האָב איך געזוכט זי צו טרייסטן.

אָבער זי האָט נישט געהערט מיינע ווערטער און אַ פּאַרטיפּטע אין איר אומעט גערעדט ווי פאַר זיך:

— ער האָט זיך געקליבן חתונה צו האָבן מיט אַ מיידל, וואָס ער האָט שוין לאַנג ליב, און אָט האָט איר דאָך געזען! אין דער היים האָט ער געלאָזן אַ טאָג־בוך, ווו ער האָט פאַרשריבן אַלע באַגעגענישן מיט איר. ער פלעגט מיר אָפט לייענען. ער האָט מיר פאַרטרויט אַלע זיינע יינגלישע סודות. אַך, וואָס רייד איך, וואָס רייד איך, וואָס איז מיט מיר געוואָרן? ס'קאָן דאָך אַנדערש נישט זיין, ווער דען זאָל זיך גיין שלאָגן מיט די נאַציס. אָ, גאָט, ווער?!

איך האָב מורא געהאַט דאָס די פרוי ווערט געריַרט פון זינען. כ'האָב איר גענומען אונטערן אָרעם און אַראָפּגעפירט פון דער פּלאַטפאָרם. זי איז מיר געוואָרן נאָענט און טייער, ווייל איין שווערער גורל פאַרבינדט איצט אַלע מוטערס, שוועסטערס און כלות. מיר זענען אַרויס פון וואָקזאַל, לאַנג אַרומשפּאַצירט און זי האָט אַלץ גערעדט וועגן איר זון. זי האָט זיך אַ כאַפּ־געטאָן, אַז ס'איז שוין שפּעט און מיר זענען צוריקגעפאָרן אויפן פאַרם.

דעם טאָג האָט די פאַרמערקע נישט געאַרבעט. זי האָט מיך אַריינגעפירט אין איר זונס צימער און גענומען ווייזן זאַכן און צאַצקעס, וואָס זענען שוין דאָרט געלעגן אַ היפּש ביסל יאָרן, ווען איר זון איז נאָך געווען אַ קליין קינד. זי האָט מיר געוויזן אַן אַלבאָם מיט פאָטאָגראַפיעס פון אים און פון זיינע פריינד און חברים. דאָס בילד פון זיין כלה, וועלכע האָט זיך איצט געפונען ערגעץ אין טעקסאַס, ביי אירע אייגענע. יעדע זאַך האָט זי אָנגערירט ווי אַ הייליקטום און געגלעט עס מיט אַ סך צאַרטקייט. זי האָט אויפגעמאַכט די שאַנק און מיר געוויזן זיינע אַנצוגן. אַלץ — האָט זי געזאָגט — וועט

בלייבן אויפן זעלבן פּלאַץ און וואַרטן אויף אים. זאַכן האָבן אויך אַ נשמה און זיי בענקן. זיי ווען זיך דערוואַרטן אויף אים. דאָס בעט וועט בלייבן אַזוי צוגעבעט. ער האָט ליב געהאַט די רויטע וואָלענע קאָלדרע, וואָס האָט געוואַרעמט זיינע יונגע גלידער. דאָ, אין דעם דאָזיקן צימער, האָט זי אים געבאָרן, דערהערט זיין ערשטן געשריי און שפּעטער דאָס ערשטע וואָרט וואָס ער האָט אַרויסגערעדט. ביים פענצטער איז געשטאַנען זיין וויגעלע און נישט איין מאָל איז ער געווען שטאַרק קראַנק, אָבער שטענדיק האָט זי אים מיט איר ליבע אַרויסגעריסן פון די נעגל פון טויט. גאָט, ווער וועט אים איצט אָפּהיטן?!

— גאָט וועט אָפּהיטן אונדזערע יינגלעך — האָב איך געזאָגט — מיר וועלן זיגן.

— זיכער, זיכער — האָט די מוטער מיך אָנגעקוקט מיט אירע פאַר־טרויערטע אויגן.

זי האָט נישט געוואָלט אַרויס פון איר זונס צימער. דער טאָג איז אַוועק און דער אָוונט איז צוגעפאַלן. זי האָט אָנגעצונדן ליכט און אַרויסגענומען פון טיש־קעסטל זיין טאָג־בוך. איך בין געזעסן אַנטקעגן איר, און זי האָט פאַר מיר געלייענט וועגן זיינע יינגלשע פריידן און ליידן, וועגן איר, זיין מוטער, וועלכע ער האָט שטאַרק ליב געהאַט, וועגן זיינע חברים און אַלע אַנדערע איבערלעבונגען און געשעענישן, מיט וועלכע ס'איז פול דאָס לעבן פון אַ קינד, וואָס האָט פאַנטאַזיע און לעבט אויפן שויס פון דער נאַטור. צום סוף האָט זי מיר געלייענט וועגן זיין כלה, אַ שילדערונג וועגן זייער ערשטער באַגעגעניש אין שטילע ווינקלען, ווו זיי האָבן זיך געקושט און געליבט. די מוטער האָט געלייענט און שטיל אַריינגעוויינט אין זיך.

— איך דענק, — האָב איך זי געוואָלט באַרויקן — אַז איר דאַרפט זיך פרייען מיט אַזאַ זון — און נישט וויינען.

דער פאַרמער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

— גענוג — האָט ער פאַרכמורעט געזאָגט צו זיין פרוי. לאָז דעם גאַסט גיין עסן אונטערוויט.

אָבער אויך נאָכן אוונטברויט איז די מוטער מיט מיר ווידער געזעסן אין איר זונס צימער און זי האָט אַלץ נישט אויפגעהערט צו ריידן וועגן

איר בראַוון יינגל, וואָס איז איצט אַוועק קעמפן קעגן די נאַציס און נעמען נקמה פאַר איר פאָלק.

ביי נאַכט בין איך געלעגן אויף מיין געלעגער און נישט געקאָנט איינ־שלאָפן. פאַר מיינע אויגן האָט כסדר געשוועבט דאָס בילד ווי די יידישע פאַרמערקע האָט זיך געזעגנט מיט איר זון אויפן פעראָן, און אירע מוטיקע ווערטער האָבן נאָך פריש געקלונגען אין מיינע אויערן. כ׳האָב געטראַכט:

— וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע פרוי זי איז. וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע יידישע מאַמע.

## לאָקאַליזמען

אויסגעסטראָיעט — אויסגעפוצט
אָפּחורשן — איבערקויפן
בונדע — גראָבער ווינטער־מאַנטל
בנאָק — זונדל
גלאָווניע — קויל
גנילע גרין — טונקל גרין
געבאָמקעט — געחלומט
געדעכעט — שווער געאָטעמט
געפּישטשעט — געגלוסט
געפילנעוועט — אָפּגעהיטן
געפיקסט — אויסגעפּאַרטיקט
געקווענקלט — געשלאָגן זיך מיט דער דעה
דיבאָם — אויף די אונטערשטע פיס
דערעלע — דיק קאָפּטיכל
דרעשטש — ציטער
ווירע — ליניע
טוזשורקע — געפּאַסט אויבער־רעקל
טלומיקל — רענצל
טראַטוועס — בערלינקעס
יוכטענע שטיוול — שטיוול פון גראָבע לעדער
ליאַמאָווקע — ראַנדבענדל
מאַכאָרקע — וואָרצל־טאַבאַק
מילאַנזשן כאַלאַטל — אַלפּאַגענע קאַפּאָטע
נאַקעטע קעפּ — פריילײדיקע טעכטער
סטאַנגרעט — קוטשער
סקיווקע — שפּיץ פון שטעקן
סקרוך — ציטער
פּאָרעט זיך — טוט עפּעס

## לאָקאַליזמען

פּיפּס טאָן — שעפּטשען, שושקען

פּלאָנדעקע — רעגנדעק

פּלעבאַניע — הויז פון גלח

פּעראָן — טראָטואַר פון דער באַן־סטאַציע

פּאַטשויל — וואָלן דעקטוך

פּלאָקן־שיסער — פּעזיקער, בריה

קאַפּטשעס — אַלטע שיך

קאַרעשקעלעך — קליינע פּישלעך

קוואָרט — מאָס, וואַסערטעפּל

קולאַק — פויסט

קיבעל — עמער, וויאַדרע

קלאָניצע — אָנהאַלטער פון וואָגן

קליאָנקעס — וואַש־ברעטלעך

קרופּניק — זופּ

רומיאַניק — טיי, רומיאַניקטיי

רייפּערקע — מעקלערין פון דינסטן

שאַנדרע — געשטעל צו טראָגן צוויי עמער וואַסער

שלאָעס — רפואה, מיטל צום הוסט

שליוואָוויץ — בראָנפן

שטענדערס — געשטעלן אויפן מאַרק